זיגמונט טורקאָוו

# שמועסן וועגן טעאַטער

(געשיכטלעכע איבערבליק, געדאַנקען און דערפאַרונגען)

פארלאג „אונזער בוך" בוענאָס-איירעס
AÑO DEL LIBERTADOR GENERAL SAN MARTIN 1950

# אינהאַלט:


| | | |
|---|---|---|
| אריינפיר — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — | זייט | 11 |
| קאַפּיטל איינס: קולטור און טעאַטער — — — — — — — — — — — — — — | „ | 17 |
| „ צוויי: אַנטשטייאונג פון טעאַטער־קונסט — — — — — — — — — | „ | 24 |
| „ דריי: טעאַטער ביי יידן — — — — — — — — — — — — — — | „ | 50 |
| „ פיר: השכלה און חסידות — — — — — — — — — — — — — — | „ | 117 |
| „ פינף: „די בראָדער זינגער" — — — — — — — — — — — — — | „ | 156 |
| „ זעקס: אברהם גאָלדפאַדען — — — — — — — — — — — — — | „ | 178 |

נעווידמעט דעם הייליקן אָנדענק פון מיינע חברים־אַקטיאָרן, טעאַטער־טוער, דראַמאַטיקער, טעאַטער־פאָרשער, און די מ י ל י אָ נ ע ן יידישע טעאַטער־באַזוכער, וואָס זענען אומגעקומען פון היטלערס האַנט.

ז. ט.

ריאָ דע זשאַניירא, 1949




אָנדענק־טאָוול נאָך די אומגעקומענע יידישע אַקטיאָרן אין פּוילן

(דער פאָטאָ־אַפּאַראַט האָט נישט געקענט אויפנעמען די לאַנגע רשימה נעמען)

דאָס בוך „שמועסן וועגן טעאַטער"

באַשטייט פון אַ ציקל לעקציעס, וואָס דער

מחבר האָט געהאַלטן אין יאָר 1948 ביי דעם

דראַמאַטישן קרייז פון דער שלום־עליכם־

ביבליאָטעק אין ריאָ דע זשאַנעיראָ, בראַזיל.

# אַרײַנפֿיר

ס'איז אונדז נישט אײנמאָל אויסגעקומען צו הערן פֿון טעאַטער־טוערס פֿון די פֿאַרשידנסטע אומות שבחים אויפֿן חשבון פֿונעם יידישן טעאַטער־באַזוכער.

אַזעלכע פּערזענלעכקייטן ווי: שאַליאַפּין, קרעג, מאָיסי, סטאַניסלאַווסקי און אַנדערע האָבן אָנערקענט, אַז די יידישע אוידיטאָריע צייכנט זיך אויס מיט איר אינטעליגענץ, מבינות און אויפֿנעם־פֿעאיקייט.

נישט בחינם אַלזאָ איז דער יידישער עולם באַצייכנט געוואָרן אין די טעאַטער־קרייזן אַלס: „טעאַטער־עולם".

ס'איז באַקאַנט געוואָרן פֿאָלגנדיקער פֿאַל מיט דער באַרימטער פּוילישער אַקטריסע סאָלסקאַ. בעת אַ דערפֿאָלגרייכן טורנע איבער דער פּוילישער פּראָווינץ, האָט זי אין אַ שטאָט אָנגעטראָפֿן אויף אַ שוואַך באַזעצטן טעאַטער. אַ דערשטוינטע פֿרעגט זי דעם דאָרטיקן אימפּרעסאַריאָ: „וואָס האָט פּאַסירט, די יידן באָיקאָטירן דאָך מיך נישט?"... אַזוי גרויס איז געווען דער פּראָצענט פֿון דעם יידישן טעאַטער־באַזוכער ביי פֿרעמדשפּראַכיקע פֿאָרשטעלונגען אַפֿילו.

יידן האָבן אָבער, חוץ מיט זייער ליבע און פֿאַרשטענדעניש פֿאַר טעאַטער, זיך אויך אויסגעצייכנט מיטן ביישטייער, וואָס זיי האָבן געגעבן דער טעאַטער־קונסט.

אויף אַן אַנדער אָרט וועט אונדז נאָך אויסקומען צו ברענגען די גרויסע רשימה פֿון אַקטיאָרן, רעזשיסאָרן, דראַמאַטיקער און טעאַטער ־ רעפֿאָרמאַטאָרס

(אייניקע פון זיי עפּאָכע מאַכנדיקע), וועלכע דאָס יידישע פאָלק האָט ארויסגעגעבן פאַר די פאַרשידנסטע טיפּן טעאַטער־אינסטיטוציעס פון אַלע ציוויליזירטע פעלקער.

מיר ווילן זיך דאָ אָפּשטעלן אויפן טעאַטער וואָס איז געשאַפן געוואָרן דורך אונדז יידן, אין אונדזער אייגענער שפּראַך און וואָס האָט אין אַ מערקווירדיק קורצער צייט פאַרנומען אַן ערשטן אָרט אינעם אינטערנאַציאָנאַלן טעאַטער־וועזן.

ווען אַנדערע טעאַטערס האָבן דורכגעמאַכט זייער בלי־פּעריאָד, איז יידיש טעאַטער נאָך געווען אין די וויקעלעך און ווי אַלץ אינעם יידישן לעבן איז אַנדערש־דיק, איז אויך אין דער אַנטוויקלונג פונעם טעאַטער פאָרגעקומען אַן אומנאָרמאַלער שפּרונג, אַנדערש ווי ביי אַנדערע פעלקער.

דאָס יידישע טעאַטער, וואָס איז נאָך פונעם עלטערן דור באַטראַכט געוואָרן ווי אַ „מושב־לצים”, אַ דעמאָראַליזירנדיקער אונטערהאַלט, וואָס „פירט אַראָפּ פון גלייכן וועג”, האָט זיך פאַר די לעצטע 50 יאָר מיט שטורמישן אימפּעט אָפּגעריסן פון דער קייט פון אַבערגלויבן און אָפּגעשטאַנענקייט, דורכגעבראָכן די געטאָ־ווענט פון קלויז און שטיבל און געוואָרן אַ באַדייטנדיקער אינסטרומענט אין דער קאַפּעלע פון אַלוועלטלעכער טעאַטער־קונסט.

ס׳איז גענוג צו דערמאָנען די גרויסע דערגרייכונגען אין וואַרשע און ניו־יאָרק, אין מאָסקווע און תל־אָביב.

די גאַנצע לאַסט פון „אויסטראָגן” דאָס יידישע טעאַטער איז געפאַלן אויף די שוואַכע פּלייצעס פונעם יידישן אַקטיאָר אַליין, וועלכער איז געווען פּיאָנער, מעצענאַט און שאַפער אין איין פּערזאָן. מיט זיין עקשנותדיקער איבערגעבנקייט, מיט דער גרעסטער מסירת־נפש און אומענדלעכער ליבע צו טעאַטער, איז ער, דער אַקטיאָר, בייגעשטאַנען אַלע מניעות און שטרויכלונגען, ביז ער האָט באַוויזן צו פאַראינטערעסירן די יידישע געזעלשאַפט, וועלכע האָט זיך לכתחילה באַצויגן מיט גלייכגילט און פאַראורטייל צו אים.

דאָס יידישע טעאַטער האָט אויפגעהערט צו זיין אַ פאַרוויילונגס אָרט פאַר „קעבינס און גראָבע יונגען” און איז געוואָרן דער אויסדרוק פון פאָלקס מענטאַלי־טעט, זיין טריבונע און דערציער.

דאָס יידישע טעאַטער איז געוואָרן אַ פאָלקס־אינסטיטוציע, וואָס האָט גערו־פירט אַרום זיך אַלע שיכטן פונעם עולם: אָנהויבנדיק פון אינטעלעקטואַל און פּראָ־לעטאַריער און ענדיקנדיק מיטן גראָען קליינבירגער.

# טעאַטער אין די אַמעריקאַנער לענדער

אַנדערש איז די לאַגע אין דער נייער היים. בפרט אין די דרום־אַמעריקאַ־נער לענדער.

דער אימיגראַנט, וואָס האָט זיך קוים אַ לעבעדיקער אַרויסגעראַטעוועט פֿון די פֿאַרשידענע פֿאַרפֿאָלגונגען, פּאָגראָמען און פּראָצענט־נאָרמעס אין דער אַלטער היים, האָט ביים באַטרעטן די נייע וועלט קודם כל געמוזט טראַכטן וועגן פּרנסה און אַ דאַך איבערן קאָפּ.

ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ שווערער, אומרחמנותדיקער קאַמף פֿאַר עקזיס־טענץ. נישט געווען קיין צייט צו טראַכטן וועגן אַ וועלכן עס איז פֿערזענלעכן פֿאַר־גניגן, וועגן שפּייז פֿאַר דער נשמה. מען פֿלעגט זיך אָפּרייסן אַ ביסן פֿון מויל, צונויפֿלייגן אַ גראָשן צו אַ גראָשן אויף אַראָפּצוברענגען די פֿאַמיליע.

דאָס איז געווען די ערשטע און איינציקע דאגה פֿונעם „גרינעם", וואָס האָט אים סטימולירט צו אומדערמידלעכער אַרבעט ביי די שווערסטע באַדינגונגען.

ווען ער האָט ענדלעך זוכה געווען אַראָפּצוברענגען זיין פֿאַמיליע און זיך ווי ס'איז איינצואָרדענען, שווימט אַרויף די צווייטע וויכטיקע פֿראַגע: קינדער־דער־ציאונג. עס ווערט טאַקע געלערנט די לאַנד־שפּראַך, אָבער מען טאָר אויך די אייגענע שפּראַך נישט פֿאַרנאַכלעסיקן. איבעריקנס, שוין צוליב רעליגיעזע מאָטיוון מוז מען לערנען מיטן קינד דעם העברעאישן אלף־בית, מיט וועלכן ס'באַניצט זיך אויך אונדזער יידיש־לשון. אין רעזולטאַט ווערט געשאַפֿן די יידישע שולע.

ס'איז שוין אַלזאָ די משפּחה פֿאַרזאָרגט מיט פּרנסה און מיט תורה. ס'קומט די צייט פֿאַר פֿאַרוויילונג.

מען דערמאָנט זיך אָן די ניגונים פֿון דער אַלטער היים, מען הויבט אָן פּראַווען יום־טובים, ווי אין דער היים, שמחות; מען קומט זיך צונויף, ס'ווערן געשאַפֿן אימפּראָוויזירטע קאָנצערטן; עמיצער געפֿינט אין טשעמאָדאַן אַ געדרוקטע פּיעסע, וועלכע ווערט אויף אַ היימישן אופֿן אויפֿגעפֿירט; ס'שאַפֿט זיך אַ גרופּע וואָס שרייבט אויס ביכער פֿון וואַרשע, ווילנע, אָדער ניו־יאָרק.

ס'גרינדעט זיך אַ ביבליאָטעק און נעבן איר אַ דראַמקרייז.

נאָכן ברויט קומט קולטור.

אַזוי ווערט געלייגט דער גרונט־שטיין פֿון יידישן טעאַטער אין דער נייער היים.

נאָרד־אַמעריקע איז אַ קאַפּיטל פֿאַר זיך. די געשיכטע פֿון איר יידישן טעאַטער איז אַ גאַנץ אַנדערע, ווי אין די לענדער פֿון לאַטיין־אַמעריקע.

צוזאַמען מיטן שטראָם עמיגראַנטן איז קיין נאָרד־אַמעריקע אויך אָנגע־

קומען אַ גאַנצע ריי גלענצנדיקע אַקטיאָרן. זיי האָבן תּיכּף געגרינדעט פּראָפעסיאָנעלע טעאַטערס, אָרגאַניזירט זיך אין אַ פֿאַראיין, גרופּירט אַרום זיך אַ געוויסע צאָל דראַמאַטיקער. מיט איין וואָרט — געשאַפֿן אַ געזונט, פּולסירנדיק טעאַטער־לעבן, וואָס איז אין זיין ערשטן פּעריאָד אַפֿילו געווען אַ מוסטער פֿאַרן ענגליש־שפּראַכיקן טעאַטער אין אַמעריקע.

ווען ס'האָט זיך אָנגעהויבן די עמיגראַציע קיין לאַטיין־אַמעריקע, איז דאָס יידישע טעאַטער אין אייראָפּע שוין געווען אַ באַשטאַנדטייל פֿונעם דאָרטיקן קולטור־לעבן און דעם אַקטיאָר איז שוין שווער געווען צו פֿאַרלאָזן די דאָזיקע פּאָזיציע.

מען האָט אַלזאָ אָנגעהויבן צו שפּילן טעאַטער מיט אייגענע כּחות. די פֿאָרשטעלונגען פֿלעגן תּמיד זיין גוט באַזוכט. ס'האָבן זיך תּיכּף געפֿונען אייניקע פּיפּיקע מענטשן, וואָס האָבן דערשמעקט אין דעם אַ גוט געשעפֿט. ס'האָט זיך געשאַפֿן דער כּלומרשטער אימפּרעסאַריאָ, וועלכער האָט, פֿאַרשטייט זיך, נישט באַטראַכט די פֿאָרשטעלונגען ווי אַ קולטור־פּאָזיציע, נאָר ווי אַ קוועלע פֿון גוטער הכנסה. עס האָט זיך אים גרינג איינגעגעבן צו פֿאַראינטערעסירן אייניקע יונגעלייט, וואָס האָבן נאָך אין דער אַלטער היים זיך באַטייליקט אין דראַמאַטישע קרייזן און אַט ווערט צונויפֿגעסטריגעוועט אַ פֿאָרשטעלונג. דער חצי־אַמאַטאָר חצי־פּראָפעסיאָנאַל באַקומט אַ פּאָר געציילטע גראָשן און דער אימפּרעסאַריאָ פֿילט אָן דעם טייסטער. זיינע אַפּעטיטן ווערן גרעסער. ער אָריענטירט זיך שנעל, אַז ווינטער־צייט, ווען אין דרום־אַמעריקע איז דאָס וועטער פֿאַר טעאַטער גינסטיק, איז אין צפֿון־אַמעריקע און אייראָפּע — זומער, ווען די טעאַטערס פֿונקציאָנירן נישט. מען קאָן אַלזאָ אַראָפּברענגען אַ פּאָפּולערן אַקטיאָר, וואָס וועט הויבן די פּרעסטיזש. די פּרייזן וועט מען קאָנען העכערן, דאָס געשעפֿט וועט זיך לוינען.

און אַט שאַפֿט זיך אין די דרום־אַמעריקאַנער לענדער דער אומגליקלעכער גאַסטשפּיל, אָדער, ווי מען רופֿט עס, „סטאַר־סיסטעם".

דער סיסטעם באַשטייט אין... „מאַכן געלט". קיין שום אַנדערע כּוונות ווערן דאָ נישט גענומען אין באַטראַכט. נישטאָ קיין רייד וועגן געוויסנהאַפֿטן צוגרייטן, פֿאַרשטיין אַ פּיעסע, איינשטודירן אַ ראָל, שוין אָפּגערעדט פֿון אַ געוויסן געזעלשאַפֿטלעכן, אָדער קולטור־דערציערישן כאַראַקטער פֿון אַ פֿאָרשטעלונג.

די פּיעסע איז אַ גוטע — ווען זי ברענגט געלט. דער גאַסטראָליאָר איז אַ קינסטלער... ווען ער „ציט עולם".

די פֿאָרשטעלונגען זוכן צו ווירקן אויף די נידעריקסטע אינסטינקטן פֿונעם נישט איבערקלויבערישן עולם. וואָס מער ביליקע וויצן, פּעטע קופּלעטן — איז אַ סגולה פֿאַר דער קאַסע. דער אימפּרעסאַריאָ וועט אייך פֿאַראויס אויסרעכענען, וויפֿל

דער אדער יענער גאסטראליאר וועט „ציען" און וויפל ס'וועט אים בלייבן רווח... ער ווייסט פאראויס, וויפל די אדער יענע פיעסע וועט „ברענגען" און פאר וועמען ער דארף רעזערווירן די „בעסערע" בילעטן . . .

דער פיינשמעקער, וואס גארט זיך אויסצולעבן א פאר שעה אין א קולטור־רעלער סביבה און הערן א געלייטערט ווארט אן אנלויפן פון פארשידענע „איזמען", אנטלויפט און פארזאגט א צענטן צו גיין אין יידישן טעאטער. ער זוכט זיך אויסצולעבן ערגעץ אנדערש און ווערט אפטמאל אינגאנצן פארפרעמדט.

צום גליק האבן זיך די לעצטע יארן געפונען אין פארשידענע לענדער פון דער נייער היים קולטור־טוער, וואס האבן זיך באצייטנס ארומגעזען און אנגעהויבן אן ענערגישע אקציע צו סאנירן די פארהעלטעניש אינעם יידישן טעאטער־וועזן.

די טוער האבן ריכטיק פארשטאנען, אז טעאטער קאן נישט און טאר נישט זיין קיין פריוואט־קרעמל פון צופעליקע מענטשן, נייערט א געזעלשאפטלעכע אינסטיטוציע, וואס דארף זיין דער אויסדרוק פון דער צייט; וואס דארף קולטיווירן דאס לעבעדיקע ווארט, דעם פראגרעסיוו־נאציאנאלן געדאנק; אנטוויקלען ביי די ברייטע מאסן אינטערעס און פארשטענדעניש צו אלע דערשיינונגען אין אונדזער געזעלשאפטלעכן און קולטורעלן לעבן.

עס זענען געגרינדעט געווארן טעאטער־קרייזן פון צילבאוווסטזיניקע אמאטארן און נישט איין מיטגליד פון אט אזעלכע דראמקרייזן האט מיט זיין טאלאנט באריישערט דאס פראפעסיאנעלע טעאטער.

## טעאטער דורך דראמאטישע קרייזן

די ערשטע טריט פון כמעט יעדן בינע־קינסטלער פירן דורך אמאטאריזם. אמאטאריזם איז אפטמאל זיין טעאטער־שולע, זיין וועג־ווייזער און אנטפלעקער פון זיין קינסטלערישן פרצוף.

די יוגנטלעכע, וואס פילן א דראנג און ליבע צום טעאטער און קאנען זיך, צוליב די אדער יענע סיבות נישט ווידמען אים אינגאנצן, ס'הייסט פראפעסיאנעל, לעבן זיך קינסטלעריש אויס אין אמאטאריזם. א טייל פון זיי, ווי געזאגט, גייט מיט דער צייט אריבער צום פראפעסיאנאליזם, מיטברענגענדיק מיט זיך געוויסע דערפארונג און דער עיקר, אידעאליזם אין וועלכן ס'נויטיקט זיך אפטמאל דאס פראפעסיאנעלע טעאטער.

דער אמאטאריזם קאן אזוי ארום באטראכט ווערן ווי א רעזערוואר פון פריש פולבלוטיק בלוט פארן פראפעסיאנעלן טעאטער און איז די לעבנס־אינטע־

רעסן פונעם לעצטן איז טאַקע צו באַרעכטיקן דעם אַמאַטאָריזם, אונטערשטיצן אים מיט דערמוטיקונג און דערפאַרונג.

נישט בחינם געפינען זיך אין דער שפּיץ פון די בעסטע אַמאַטאָרן־טעאַטערס פון דער גאָרער וועלט אָנגעזעענע טעאַטער פּערזענלעכקייטן.

היינט צו טאָג דאַרפן די דאָזיקע דראַמקרייזן אין די נייע היימען זיך שטעלן פאַר אַ ציל פּאַרצווזעצן די אַרבעט, וואָס איז אויף אַזאַ אומברחמנותדיקן אופן איבערגעריסן געוואָרן אין אייראָפּע.

אַ סיסטעמאַטישע און אָרגאַניזירטע אַרבעט פון אַזעלכע קרייזן שאַפט אַ קערן פאַר אַ שטענדיקן טעאַטער, פאַר אַ נייער היים פון דער יידישער טעאַטער־קונסט, פאַר נייע רינגען, וואָס זאָלן צונויפבינדן און פאַרפעסטיקן די באַשעדיקטע קייט פון יידישער קולטור.

נישט איינמאָל קומט אונדז אוים צו הערן: פאַרוואָס עפּעס טעאַטער? וואָס פאַרא שייכות האָט טעאַטער צו קולטור? און וואָס איז בכלל דער טייטש: קולטור?

אָט די דאָזיקע פראַגעס וועלן מיר פּרוּוון צו ענטפערן אין אונדזער ציקל שמועסן וועגן טעאַטער.

קאַפּיטל איינס

# קולטור און טעאַטער

טעאַטער איז די וויזיט־קאַרטע פון קולטור־ניוואָ פון יעדן פאָלק, אַ מין רייפקייט־אַטעסטאַט פאַר זיין גייסטיקער אַנטוויקלונג.

ס'איז גלייכצייטיק דער אויסדרוק פון זיין מענטאַליטעט, פון זיין נאַציאָנאַלן און סאָציאַלן אויסלעבן זיך, פון זיינע פּראָבלעמען און ראַנגלענישן.

דורך טעאַטער קאָן מען אַריינבליקן אין די טיפענישן פון אַ פאָלקס־נשמה.

די נשמה פון אַ פאָלק — דאָס זענען זיינע קולטור־אוצרות, פון וועלכע עס שעפּט יניקה דער געגעבענער דור, באַהויכט זיי מיטן גייסט פון זיין צייט און גיט עס איבער די נאָכפאָלגער.

יעדער דור האָט אַלזאָ די הייליקע מיסיע איבערצונעמען די גייסטיקע אוצרות פון זיינע פאָרגייער, אָנפילן זיי מיט נייעם אינהאַלט און איבערגעבן בירושה פאַר דעם קומענדיקן דור. מיר רופן דאָס: ק ו ל ט ו ר ־ י ר ו ש ה.

די קולטור פון אַ פאָלק איז אַ לאַנגע, לעבעדיקע קייט פון זיין גייסטיקן שאַפן, וואָס לעבט — כל זמן עס לעבט דאָס פאָלק. ס'איז אַלזאָ אייביק.

אַפילו ווען אַ פאָלק גייט אונטער, פאַרבלייבן זיינע קולטור־אוצרות אַלס עדות פון זיין געוועזענעם שאַפונגס־גייסט און פון זיין ביישטייער צו דער אַנטוויקלונג פון דער מענטשהייט.

קיין איין אחריותפולער קינסטלער קאָן נישט בלייבן טויב צום רוף פון דער צייט. אַזוי ווי יעדע קונסט דאַרף נישט זיין אָפּגעטיילט פון איר צייט, דאַרף

אויך די טעאַטער־קונסט זיין טיף פאַרוואָרצלט אין איר פילאָזאָפיע און זיין דער אויסדרוק פון איר געדאַנקענגאַנג און שטימונגען.

יעדער קינסטלער מוז טראָגן אין זיך די עטישע אחריות פאַר זיין צייט. אמת, דאָס עטישע גייט האַנט ביי האַנט מיטן עסטעטישן, אָבער דאָס עסטעטישע דאַרף ביי קיין פאַל נישט פאַרטונקלען דאָס עטישע.

אין אַ צייט, למשל, ווען ס׳פאָדערט זיך באַטריאָטיזם, העראָאישקייט, נאַציאָנאַלער שווונג, קאָן דער קינסטלער ביי קיין פאַל נישט שטיין אין אַ זייט פון דעם אַלעם און זיך ווידמען אויסשליסלעך דער אַבסטראַקטער עסטעטיק, אָדער שאַפן ווערק, וואָס זענען זיך סותר מיט די פאָדערונגען פון דער צייט.

שטעלט אייך פאָר, אַז בעת אַ מלחמה, ווען ס׳אַנטשיידן זיך גורלות פון פעלקער, זאָל דער קינסטלער באַזינגען אויסשליסלעך די פייגעלעך און בלימעלעך אין פעלד, אָדער ס׳טעאַטער זאָל אַרויסקומען מיט פאַציפיסטישע פּיעסעס, וואָס פּרעדיקן צו וואַרפן ס׳געווער און ענטפערן דעם שונאס טאַנקן מיט, לאָמיר זאָגן, גאַנדיס פּאַסיוון ווידערשטאַנד. אָדער, פאַרקערט, שלום־צייט, ווען די וועלט נויטיקט זיך אין קאָנסטרוקטיווער אויפבוי־אַרבעט, שאַפן פּאַניק דורך מלחמה־פּראָפּאַגאַנדע.

דאָס וואָלט געווען קינסטלעריש פאַלש און במילא ווירקונגסלאָז, במילא אויך ווערטלאָז.

פון וואַנען נעמט זיך דער אורשפּרונג פון קונסט בכלל, אויב נישט פונעם טאָגטעגלעכן לעבנסשטייגער, פריידן און ליידן פון פּרימיטיוון אורמענטש ?

זיין מורא און באַוווּנדערונג פאַר געוויסע נאַטור־דערשיינונגען דריקט ער אויס אין רעליגיעזע צערעמאָניעס און ספּעקטאַקולאַרע פייערלעכקייטן — דאָס איז דער אורשפּרונג פון טעאַטער. זיין באַגייסטערונג און פרייד דריקט ער אויס אין אַנטשפּרעכנדיקע באַוועגונגען; די באַוועגונגען אילוסטרירן אָפט סצענעס פון זיין טאָג־טעגלעכן לעבן: געיעג אויף ווילדע חיות, קאַמף מיט אַ שונא אד״ג. אָט האָבן מיר דעם אורשפּרונג פון טאַנץ.

די באַוועגונגען און סצענעס ווערן דורך אים פאַרפיקסירט אין האָלץ, שטיין, ביין, מעטאַל — אָט איז דער אורשפּרונג פון פּלאַסטישער קונסט.

די אויסרופן, קלאַנגען, אויסקלאַפּן דעם ריטם מיט די הענט, אָדער פאַרשידענע קעגנשטאַנדן וואָס קומען אונטער דער האַנט — שאַפן דעם אורשפּרונג פון מוזיק.

# די באַשטימונג פון טעאַטער־קונסט

אָנהויבנדיק פון איר אורשפּרונג און לענגאויס אַלע עטאַפּן פון מענטשלעכער ציוויליזאַציע, קומט פאָר די עוואָלוציע פון איר אויסדרוק, דאָס הייסט — פון דער קונסט.

איר אינהאַלט איז טיף איינגעוואָרצלט אין לעבן, דאָס גיט איר אומשטערבלעכקייט. דער אופן, אויף וועלכן זי באַקומט איר תיקון, די פאָרעם — איז פאַרבייגייענדיק, ווייל אָפּהענגיק פון די אויסערלעכע באַדינגונגען, פונעם ריטם פון דער צייט.

אמתע קונסט ווערט נישט פאַרשפּאַרט אין די גרענעצן פון איר צייט־אָפּשניט — זי איז אייביק.

טעאַטער, וואָס איז די מענטשלעכסטע און אינהאַלטסרייכסטע פון אַלע קונסטן (עס פאַראייניקט דאָך אין זיך אַלע אָפּצווייגן פון קונסט), דאַרף אָבער אין זיין דערציערישער מיסיע נישט זיין בלויז אַ טרוקענער „ליטעראַרישער" מאָראַל־פּרעדיקער, פונוואַנען דער צוקוקער זאָל אַרויס מיט אַ באַלאַסט פון דאגות און וועלטשמערצן.

טעאַטער דאַרף זיין דער גרויסער יום־טוב, וואָס גיט דעם צושויער אַן אָפּרו פון זיין גרויער טאָג־טעגלעכקייט, גייסטיקע רו און גלייכגעוויכט. ער דאַרף אַרויס פון טעאַטער ווי פון אַ גאָט־דינסט — אַ געלייטערטער און דערהויבענער, אַ דערמוטיקטער און אַ דערפרייטער. ער דאַרף אַרויסטראָגן מיט זיך לעבנספרייד און לעבנס־לוסט — וואָס דאַרף סטימולירן צו נייע טעטיקייטן און שאַפן.

„טעאַטער — זאָגט ראָמען ראָלאַן — דאַרף קודם־כל זיין אַן אָפּרו פאַרן אַרבעטס־מענטש, אַ פיזישער און גייסטיקער אָפּרו נאָכן אַרבעטס־טאָג. גלייכצייטיק דאַרף ער זיין אַ קוואַל פון ענערגיע, ער דאַרף אונטערהאַלטן די פעסטקייט פון גייסט. ער דאַרף דינען דער גייסטיקער אַנטוויקלונג, פרייד, מוטיקייט און וויסן פון פאָלק".

אין דער היינטיקער גורלדיקער צייט, ווען עס קומט פאָר אַן אַנטשלאָסענער געראַנגל פון אידעען, פון וועלטבאַנעמען, ווען דער דעצידירנדיקער פאַקטאָר איז דער פיזישער כוח און במילא ווערן חרוב די גייסטיקע אוצרות פון פעלקער, דאַרף אַ באַזונדער אַכט געלייגט ווערן אויף אָפּהיטן אָט די ווערטן.

ספּעציעל איז דאָס וויכטיק פאַר אונדז יידן, וואָס דער לעצטער קאַטאַקליזם האָט געמאַכט אַזאַ אומברחמנותדיקן שניט אין אונדזער פאָלקס־אָרגאַניזם און האָט אפילו באַדראָט אונדזער עקזיסטענץ.

די וויכטיקייט פון דער דראַמאַטישער ירושה האָבן אונדזערע גייסטיקע פירער נישט פאַרגעסן אפילו אינעם אָנבליק פון אומקום און בעת דער ליקווידאַציע פון די געטאָס זאָרגפעליק פאַרגראָבן אָט די אוצרות, כדי די ביים לעבנפאַרבליבענע זאָלן קאָנען שעפּן פון זיי יניקה פאַרן המשך פון אונדזער פאָלק.

אונדזער הייליקער חוב איז אַלזאָ איבערצונעמען די דראַמאַטישע ירושה, באַלעבן זיי מיט נייעם אינהאַלט און געפינען פאַר איר אַן אַנטשפּרעכנדיקע אויסדרוק־פאָרם, אָפּהענגיק פון צייט און סביבה אין וועלכער מיר לעבן.

צו אָט דער מיסיע דאַרף מאָביליזירט ווערן יעדער איינער, וואָס גיט זיך אָפּ חשבון פון איר וויכטיקייט; פאַר די יעניקע, וואָס האָבן נישט קיין פאַרשטענדעניש דערפאַר, דאַרף געפירט ווערן אַ סיסטעמאַטישע אויפקלערונג־אַקציע, וואָס זאָל זיי פאַראינטערעסירן און אַריינציען אין דער דראַמאַטיקער אַרבעט.

ספּעציעל אַכט דאַרף געלייגט ווערן אויף אונדזער יוגנט. פאַר איר איז דאָך אייגנטלעך די דראַמאַטישע ירושה באַשטימט! אָן איר, אָן דער יוגנט, הייסט עס, שטייט פאַר אָט די אוצרות צו פאַרוואַנדלען זיך אין אַ מוזעאַלן יקר־המציאות!

דאַרף מען קודם־כל אַרויסרופן ביי אונדזער יוגנט אינטערעס, דרך־ארץ און ליבע צו אונדזער שפּראַך, וואָס איז דער הויפּט־אויסדרוק פון אונדזער נשמה. די אויפגאַבע פירן אויס אונדזערע שולעס. אַלס צווייטער עטאַפּ פון דער אַלגעמיינער שולע דאַרף דאָס טעאַטער פאַר זיי אַנטוויקלען די שיינקייט פון אונדזער שפּראַך, די רייכקייט פון אונדזער ליטעראַטור; די האַרציקייט פון אונדזערע פאָלקס־ניגונים, די אָנגעווייטיקטע פּראָבלעמען פון דער קעגנוואַרט און האָפערדיקן גלויבן אין דער צוקונפט, מיט וועלכע זיי זענען דורכגעדרונגען. עס דאַרף פאַר זיי אויפלעבן אונדזער רומפולע פאַרגאַנגענהייט, די צוגעבונדנקייט צו אונדזער פאָלק און טראַדיציעס, פאַר וועלכע אונדזערע טאַטעס און זיידעס האָבן אַזוי העראָאיש געקעמפט און געפאַלן; אונדזער בענקשאַפט און קאַמף פאַר דער אייגענער מלוכה אין אונדזער היסטאָרישער היים און פאַר אַן אמת דעמאָקראַטישן מאָרגן איבער גאָר דער וועלט.

אָט אין דעם באַשטייט די געהויבענע מיסיע פון טעאַטער.

כדי צו פּאָפּולאַריזירן די נויטווענדיקייט און וויכטיקייט פונעם יידישן טעאַטער צווישן דער יוגנט, האָבן מיר באַשלאָסן אָנצוהויבן אַן אויפקלערונג־אַקציע אין דער פאָרעם פון שמועסן, דיסקוסיעס, און רעציטאַציע־אָוונטן.

נעמענדיק אין אַכט, וואָס אַ טייל פון אונדזער אוידיטאָריע האָט אפשר נישט די נויטיקע צוגרייטונג פאַר די דראַמאַטיקע פּראָגעס און נישט אַלע באַזיצן ווי געהעריק די יידישע שפּראַך, וועלן מיר זיך באַמיען אויסצופירן אונדזער אויפגאַבע אויף אַ פּאָפּולערן אופן, וואָס זאָל זיין צוגענגלעך פאַר אַלע.

מיר פּרעטענדירן נישט אויפן דראַמאַטיקן אופן צו געבן לעקציעס פון קולטור־

געשיכטע, מיר האָבן אויך נישט בדעה צו געבן אונדזערע שמועסן אַן אַקאַדעמישן כאַראַקטער. אונדזער ציל איז בלויז ארויסצורופן אינטערעס, פאַרשטענדעניש פאַר יידישע קולטור בכלל און ספּעציעל פאַר טעאַטער־קונסט, וואָס איז איינע פון זיינע וויכטיקסטע, וויטאַלסטע אָפּצווייגן.

מיר גיבן זיך אָפּ חשבון, אַז אַ גרויסער טייל טעאַטער־באַזוכער באַטראַכט די דאָזיקע אינסטיטוציע נישט מער ווי אַ לייכטן אונטערהאַלט, אַ צייט־פאַרטרייב, וואָס דאַרף אונדז געבן די מעגלעכקייט צו „פאַרגעסן זיך".

מיר ווילן אַלזאָ קלאָר מאַכן, אַז טעאַטער דאַרף אונדז דינען, נישט נאָר אויף צו „פאַרגעסן זיך", נאָר אויך אויף צו „פאַרטראַכטן זיך"!

טעאַטער דאַרף אונדז ווייזן דאָס לעבן נישט נאָר „אַזוי ווי עס איז", נאָר אַזוי ווי מיר וואָלטן געוואָלט עס זאָל זאָל זיין!

נאָך מער: „דאָס טעאַטער — זאָגט פּיסקאַטאָר — דאַרף נישט זיין בלויז אַ שפּיגל פון דער צייט, נייערט אַ מיטל ווי די צייט צו פאַרענדערן".

דערפון איז אָבער נישט געדרונגען, אַז טעאַטער דאַרף אויספירן די דאָזיקע מיסיע אויף אַ דורכאויס ערנסטן, האַמעטנעם אופן. טעאַטער האָט אויך אין זיין רשות לייכטע, פאַרוויילנדיקע אויסדרוקס מיטלען.

די טעמאַטיק און איר אויסדרוק־פאָרעם דאַרף זיך בייטן אַזוי ווי עס בייט זיך אונדזער געמיט צושטאַנד, ווי ס'בייטן זיך די געשעעניש ארום אונדז.

נאָך אַ שווערער איבערלעבונג קומט אַ דערלייכטערונג. אפילו אין אַ צייט פון גרויסער דעפּרעסיע ווערט געשאַפן אַן אייגנאַרטיקער הומאָר.

טעאַטער האָט אַלזאָ אויך אין זיין רשות דעם אַזוי גערופענעם לייכטן זשאַנער, דאָס הייסט: אָפּערעטע, סקעטש, רעוויו, פּאַראָדיע א. ד. גל.

וואָס־זשע שטעלן מיט זיך פאָר די דאָזיקע פאַרוויילונגס־פאָרשטעלונגען?

איז עס אויך טעאַטער, צי האָט עס קיין שום שייכות נישט מיט טעאַטער־קונסט? און בכלל, צי אַלץ קאָן זיין טעאַטער? צי איז פאַראַן קלאַסיפיקאַציע אין קונסט: ערשטקלאַסיקע און צווייטקלאַסיקע קונסט? ערשטקלאַסיקער אָדער צווייט־קלאַסיקער טעאַטער?

אָדער זענען פאַראַן ערשט און צווייטקלאַסיקע טעאַטער מאַניפעסטאַציעס?

מיר האַלטן, אַז אַלץ קאָן זיין טעאַטער, וואָס ווערט ארויסגעבראַכט אויף אַ קינסט־לערישן אופן.

פאַראַן פאַרשידענע טיפּן פון טעאַטער. גרויס טעאַטער: דער אַזוי גערו־פענער, ספּעקטאַקולאַר טעאַטער און קליין, אינטים טעאַטער.

ערנסט, אָדער פּראָבלעם־טעאַטער און פאַרוויילונגס־טעאַטער. (אָפּערעטע, רעוויו, פאַרס).

אַלע דינען זיי דעם זעלבן צוועק: אָפּצושפּיגלען און צו פאַרענטפערן די פאַרשידענע פּראָבלעמען, געמיט צושטאַנדן, שטימונגען און באַגערן פון דעם מענטש און זיין צייט. יעדעס פון זיי טוט דאָס אויף זיין אייגנאַרטיקן אופן און מיט אייגנאַרטיקע מיטלען. דער צוועק אָבער איז דער זעלבער.

נישט ריכטיק איז די אָנגענומענע מיינונג, אַז לייכטער זשאַנער, ד. ה. אָפּערעטע, רעוויו א. ד. גל. איז קיין טעאַטער נישט; אַז טעאַטער איז נאָר די ערנסטע דראַמע מיט איר פאַרכמורעטן שטערן און צונויפגעצויגענע ברעמען.

דער שמייכל, געזונטער געלעכטער, גרינג געמיט איז אונדז נישט ווייניקער נויטיק ווי די פאַרוויקלטסטע פּראָבלעמען. פאַרקערט, מיר שטרעבן דאָך סוף כל סוף צו אַ צעשמייכלטן, צעזונגענעם לעבן אָן דאגות און זאָרגן. אַ געשמאַקער וויץ, פון וועלכן מיר לאַכן האַרציק, ווירקט דערפרישנדיק אויף אונדזער געמיטצושטאַנד און דערמיט איז דאָס שוין במילא אַ פּאָזיטיווע דערשיינונג.

אַ גאַנצע ריי גרויסע טעאַטערס האָבן אָנגעהויבן זייער טעטיקייט מיט סקעטשן, עטיודן, פראַגמענטן, אימפּראָוויזאַציעס און געשאַפן דערפון מיניאַטורן פון גרויסן קינסטלערישן ווערט; אַנטדעקט נייע פאָרמען און סיסטעמען, וועלכע זענען שפּעטער איבערגעמראַגן געוואָרן אינעם טעאַטער פון גרויסן רעפּערטואַר. זיי האָבן אַלזאָ אין אַ געוויסער מאָס דערפילט אַ גרעסערע מיסיע פונעם ערשטן.

פאַר די צווייט־קלאַסיקע מאַניפעסטאַציעס וואָלט זיך געפּאַסט די באַצייכענונג: „נישט געזונטע דערשיינונגען".

זיי מאַניפעסטירן זיך אויף אַלע געביטן פון קונסט און מענטשלעכן שאַפן און האָבן צום באַדויערן אַ זייער שעדלעכע ווירקונג.

אויף אייניקע בילדער־אויסשטעלונגען, למשל, איז מיר אויסגעקומען זיי אָנצושטויסן אויף אימיטאַציעס פון גרויסע מייסטער, אויף עם־האַרצישע קאָפּיעס, וועלכע דער נאַאיווער, נישט איבערקלייבערישער סנאָב קויפט צוליבן קלינגענדיקן נאָמען פון מייסטער.

אַזאַ פּראָפאַנאַציע פון קונסט קאָן פאַרשטייט זיך קיין נוצן נישט ברענגען. ענלעכע דערשיינונגען זענען אויך פאָרגעקומען אין דער ליטעראַטור, ספּעציעל אינעם נאָכמלחמהדיקן „דראַנג און שטורעם"־פּעריאָד, ווען אונטערן מאַנטל פון פאַרשידענע „איזמען" פלעגט דער לייענער אָראָפּשלינגען די אומגעלומפּערטסטע אַבסורדן און זיך שעמען אויסצוזאָגן פאַר אַנדערע אַז... ער פאַרשטייט עס נישט.

אַזעלכע דערשיינונגען קומען נאָך אין אַ גרעסערער מאָס פאָר אין טעאַטער, ווו אונטערן מאַנטל פון כלומרשטן „מאָדערניזם" ווערן אָפּגעטון אומדערהערטע זאַכן. געווען אַ צייט ווען ס'הפקרות איז דאָרט דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז פאַרשידענע שאַרלאַטאַנעס־רעזשיסערן האָבן נישט נאָר ראַדיקאַל פאַרקריפּלט די

גרונט־אידעע פון אַ פּיעסע, נאָר דערלויבט זיך הפקרדיקע טעקסט־ענדערונגען, קאַרק־ברעכערישע דעקאָראַציעס און מגושמדיקע הוועיות; באַרויבט דעם ספּעקטאַקל פון זיין יום־טובדיקייט, דעמאָראַליזירט, דעזאָריענטירט דעם צושויער און דער־פירט ס׳טעאַטער ביז אַבסורד.

אָט פון אַזעלכע דערשיינונגען, אונטער וואָס פאַר אַ מאַסקע זיי זאָלן זיך נישט אַנטפּלעקן, דאַרף זיך דאָס טעאַטער אויסהיטן און אויף אַ קאַטעגאָרישן אופן באַקעמפן.

ס׳איז נישט פאַראַן קיין ערשט־קלאַסיקע, אָדער צווייט־קלאַסיקע קונסט. פאַראַן רייפע און נישט־רייפע קונסט. ווען נישט־רייפע קונסט באַקומט נישט קיין תיקון, ווערט זי אַ קרענקלעכע דערשיינונג און הערט אויף צו זיין קונסט.

די אויפגאַבע פון אונדזערע שמועסן איז אַלזאָ צו געבן אַ געוויסע אָריענ־טאַציע אין פאַרשידענע טעאַטער־פּראָבלעמען. דער עיקר אָבער, ווי געזאָגט, צו פאַראינטערעסירן אונדזער יוגנט מיט די דאָזיקע פּראָבלעמען און אַרויסצורופן ביי איר אַ באַדערפעניש נעענטער מיט זיי זיך צו באַקענען.

ווען אָט די דאָזיקע באַדערפעניש און פאַרלאַנג וועט קומען צום אויסדרוק, וועט מען זיך שוין במילא פאַראינטערעסירן מיט די געהעריקע ווערק איבער די דאָזיקע פּראָבלעמען און במילא וועט זיך אַנטוויקלען דאָס קריטעריום, אויפנעם־פעאיקייט און פאָדערונג צום טעאַטער.

האָבנדיק פאַר זיך אַן אָריענטירטן און קריטיק־פעאיקן עולם, וועט דאָס טעאַטער דערפילן זיין געזעלשאַפטלעכע אחריות און וועט זיך באַמיען צו פאַרנעמען די בכבודיקע און פאַראַנטוואָרטלעכע פּאָזיציע, וואָס איז אים אָנגעצייכנט געוואָרן אין אונדזער קולטור.

קאַפּיטל צוויי

# אַנטשטייאונג פון טעאַטער־קונסט

לאָמיר וואַרפן אַ רעטראָספּעקטיוון בליק אויף דער אַנטשטייאונג פון טעאַטער בכלל, אויף זיינע דערגרייכונגען און ירידות אין זיינע פאַרשידענע אַנטוויקלונגס־עטאַפּן ביז היינט צו טאָג.

אַ ספּעציעלע אויפמערקזאַמקייט וועלן מיר, פאַרשטייט זיך, שענקען דער עוואָלוציע פונעם יידישן טעאַטער.

וועגן די לעצטע דרייסיק יאָר, דאָס הייסט, וועגן דער מאָדערנער תקופה פונעם יידישן טעאַטער, וועל איך האָבן די מעגלעכקייט זיך צו טיילן מיט אייך אויפן סמך פון פּערזענלעכע דערפאַרונגען:

ס׳נעמט אַרום אַ צייט פון אויפבלי און חורבן פון יידישן טעאַטער אין דעם גרעסטן יידישן קיבוץ פון אייראָפּע — אין פּוילן.

אויף מיין גורל איז אויסגעפאַלן די איבערגעריסענע אַרבעט אין אייראָפּע פאָרצוזעצן אין בראַזיל.

עס איז אונדזער פּריווילעגיע צו זיין די אייביקע בויער. ווי דער גורל פאַרוואַרפט אונדז, שלעפּט זיך אונדז נאָך אונדזער גייסטיקער באַגאַזש, וועלכער מאַנט און פאָדערט.

אין אונדזער שאַפונגס־גייסט ליגט דער סוד פון אונדזער קיום. לאָמיר־זשע אויספּאַקן אונדזער באַגאַזש, באַפרוכפּערן מיט אים דעם באָדן און רופן צום לעבן

פרישע, געזונטע שפּראָצונגען, — נייע צווייגן צום טויזנט יעריקן בוים, וואָס רופט זיך: „יידישע קולטור".

מיט איינעם פון אָט די צווייגן ווען מיר זיך טאַקע געגטער באַקענען: דאָס איז יידיש טעאַטער.

* * *

מען קאָן נישט רעדן פון טעאַטער ביי איין פאָלק, נישט זייענדיק באַקאַנט מיט דער אַלגעמיינער געשיכטע פון טעאַטער, מיט זיין אַנטשטייאונגס־פּראָצעס, זיינע אַנטוויקלונגס־עטאַפּן, זיינע געמיינזאַמע אויסדרוק־פאָרמען און קעגנזייטיקע השפּעות.

פון ווען אָן אַלזאָ דאַטירט זיך די אַנטשטייאונג פון טעאַטער ?

אויף דער פראַגע וועט מסתמא קיינמאָל קיין קאָנקרעטער ענטפער נישט קומען. טעאַטער איז אַזוי אַלט ווי די מענטשהייט גופא, איז געווים געקומען אויף דער וועלט צוזאַמען מיטן ערשטן מענטש, אין די קינדער־יאָרן פון דער מענטש־לעכער ערע.

האָט איר אָבסערווירט אַ קינד, וואָס הייבט אָן צו זען די ארומיקע סביבה און צו רעאַגירן אויף פאַרשידענע דערשיינונגען אַרום אים ?

האָט איר נישט באַמערקט, ווי דאָס קינד באַמיט זיך נאָכצומאַכן אָט די דערשיינונגען, פאַרשטעלן זיך פאַר עלטערע, אימיטירן זייערע באַוועגונגען או: אפילו דעם אופן פון זייער רעדן ?

האָט איר נישט באַמערקט ווי זיין קינדישע פאַנטאַזיע פאַרוואַנדלט אים אין אַ קעניג און די חברים אין סאָלדאַטן? אַן אומגעקערטע שטול ווערט ביי אים אַ קאַרעטע און זיין ייִנגערער ברודער — אַ פערדל? און זעט, מיט וואָס פאַראַ אמתדיקייט ער שמייסט זיין פערדל און ווי דאָס ברודערל הירזשעט און שפּרינגט אונטער אַזוי אמתדיק „פערדיש" ?

שוין אין זיינע פריסטע קינדער־יאָרן דערפילט דער מענטש אַן אונטערבאַ־וווסטזיניקן פאַרלאַנג אויסצוטון זיך פון זיין אייגענער הויט, וועלכע איז פאַר אים אַ וואָכעדיקע זעלבסטפאַרשטענדלעכקייט, און זיך פאַרוואַנדלען אין אַן אימאַזשי־נירטן „אַנדערן", וואָס ווערט אויף אַ ווײַלע זיין צווייטער „איך".

און ער גלויבט אין אָט דער „אַנדערשקייט", און זי פאַרשאַפט אים פרייד און יום־טובדיקייט, וועלכע ער האָט נישט אין זיין נאָרמאַלן קינדע־ישן צייט־פאַרטרייב.

אויף אַן ענלעכן אופן האָט מסתמא דער אורמענטש, אונדזער פּראָטאָטיפּ,

דערפילט אין זיך אַט דעם דראַנג זיך אויסצוטון פון זיין וואָכעדיקן „איך" און ארויפּציען אויף זיך די הויט פון דער „אַנדערן", פון דעם אימאַזשינירטן „איך".

אַט קומט ער צוריק פון יאַגד, ברענגט מיט זיך עפּעס אַן אויסטערלישע חיה, אַ מאָנסטער, וועלכן ס'האָט זיך אים איינגעגעבן צו דערהרגענען... דער טראָפּיי רופט אַרויס אַלגעמיינע באַוווּנדערונג און אַנטציקונג... די אַרומיקע זענען נייגע־ריק צו וויסן איינצלהייטן פון דער געלונגענער יאַגד... דער יעגער פילט זיך גע־שמייכלט פון דער אויפמערקזאַמקייט וואָס ווערט אים צוגעטיילט... אויף אים זענען געווענדט אַלעמענס בליקן... דאָס גיט אים צו קוראַזש, ער הייבט אָן צו דערציילן פּרטים . . .



אורשפּרונג פון פּלאַסטישער קונסט

עפּיזאָדן פון יאַגד. וואַנט־מאָלעריי פון אור־מענטש

זיין ווערטער־אוצר איז אָבער אָרים. אָפטמאָל פאַרפעלן אים די נויטיקע אויסדריקן אויף צו שילדערן אַלע פּאַזעס פון דער יאַגד. ער העלפט זיך אַרויס מיט באַוועגונגען . . .

„אַט דאָ — זענען געווען — געדיכטע, הויכע קוסטעס... אין אַזעלכע קוסטעס — ליגן פאַרטשאַיעט — ווילדע חיות... איך האָב מיך פאַרזיכטיק דער־נענטערט — הויך געהאַלטן אין האַנט די מאַטשוגע" . . .

און ער פאַרגנבעט זיך מיט קעצישע טריט צום פעלז, וואָס געפינט זיך נעבן דער גרופּע... אַלע אַנוועזנדע פאָלגן אים נאָך מיט נייגעריקע בליקן... עס צעשפּילט זיך זייער פאַנטאַזיע און ווי דורך אַ באַוועגונג פון אַ צויבערשטעקעלע פאַרוואַנדלט זייער פאַרשטעלונגס־קראַפט אַט די היימישע פעלזן — אין ווילדע קוסטעס; דער דערציילער הערט אויף צו דערציילן — זיי זעען אים בולט אינעם פּראָצעס פון דער יאַגד... אַט פאַרהאַלטן זיי דעם אָטעם... ס'דאַרף זיך באַווייזן דער מאָנסטער . . .

דער יעגער פילט די געשפּאַנטקייט, דאָס באַווירקט זיין פאַנטאַזיע, דאָס פאַרשטאַרקט דעם חשק זיך אויסצופיינען... ער וויל דער געשיכטע צוגעבן נאָך מער וויכטיקייט . . .

דאָס פּשוטע איבערחזרן פונעם קורצן פּראָצעס פון דער יאַגד וואָלט דאָך אַזוי נישט געווירקט... אונטערבאַוווסטזיניק הייבט ער אָן אימפּראָוויזירן, צוגעבן דעטאַלן, וואָס זאָלן נאָך בולטער אונטערשטרייכן זיין גבורה און בריהשקייט... שילדערן סכנות, וועלכע ער איז אין דער אמתן נישט געווען אונטערגעוואָרפן; אַ געראַנגל, וועלכער איז אין דער אמתן נישט געווען אַזוי קאָמפּליצירט . . .

דער עולם ווערט אַלץ מער אַריינגעצויגן אין דער דאָזיקער אימפּראָווי־זאַציע... און אָט איז דער פינאַל פון דער יאַגד... דער יעגער האָט אויסגעמיטן אַלע סכנות און איז אַרויס אַלס זיגער. דער מאָנסטער פאַלט. אַ טריומף־געשריי רייסט זיך אַרויס ביי אַלע אַנוועזנדיקע. דאָס איז דאָך זייער אַלעמענס זיג.

און אָט הייבן זיך ספּאָנטאַן זייערע פיס צו אַ טאַנץ פון נצחון אַרום דער געפאַלענער חיה, פון די גאָרגלען רייסן זיך אַרויס מגושמדיקע קולות, מען קלאַפּט צו מיט די הענט, מיט שטיקער האָלץ... פּלוצים טיילט זיך אויס פון דער גרופּע איינער וואָס מאַכט נאָך די כלומרשטע באַוועגונגען פון דער חיה... אַנדערע פאַר־וואַנדלען זיך אין כלומרשטע יעגער . . .

און אויף אַזאַ אופן ווערט אימפּראָוויזירט דאָס ערשטע טעאַטער.

* * *



מאַסקעס פון פּרימיטיווע פעלקער

די דאָזיקע פאָרשטעלונגען ווערן איבערגעחזרט נאָך יעדער געלונגענער יאַגד. זיי גייען ביסלעכווייז אַרויס פון דער אימפּראָוויזאַציע־פאַזע, די האַנדלונגען באַקומען אַ געוויסן סדר, ס'אַרבעט זיך אויס אַ באַשטימטע פאָרעם, וועלכע ווערט טראַדיציאָנעל פאַרן ערשטן טעאַטער, וואָס גלאָריפיצירט די איבערמאַכט פונעם מענטש איבער דער חיה.

דאָס טעאַטער האָט אַלזאָ שוין אין זיין אורשפּרונג דערפילט אַ טאָפּלטע מיסיע; אַלס פאַרווײַלנדיקער און גלײַכצײַטיק מאָראַליזירנדיקער פאַקטאָר.

חוץ אָט די טאָג־טעגלעכע פאַסירונגען, וועלכע דער אורמענטש האָט געזוכט צו פאַריום־טובן פלעגט ער זיך אָנשטויסן אויף נאַטור־דערשיינונגען, מיט וועלכע ער איז נישט געווען בכוח זיך צו פאַרמעסטן.

אָט פאַרגייט די זון און ס'באַווייזט זיך די לבנה... אָט איז זי בלוט־רויט און אָט איז זי טויט־ווײַס... אָט שנײַדט דורך דעם הימל אַ פײַערדיקער פײַל, אָט הערט זיך אַ קײַקלען פון גיגאַנטישע, אומגעזעענע פעלזן . . .

אָט מיט די כחות קאָן ער נישט קעמפן... זיי זענען שטאַרקער פון אים... ער פילט אינסטינקטיוו זיין מינדערוועדטיקייט, זיין אומבאַהאָלפנקייט אינעם אָנבליק פון די דאָזיקע דערשיינונגען... ס'רופט אַרויס אַ געפיל פון מורא מיט אַ געמיש פון טיפן דרך־ארץ . . .

ער באַמיט זיך געפעלן צו ווערן אָט די העכערע כחות, צו געווינען זייער לײַטזעליקייט... ער הויבט זיי אָן צו ברענגען מתנות, קרבנות... ער באַמיט זיך

דאָס צו מאַכן וואָס מער פּייערלעך, — אויף אַ פּשוטן, געוועגלעכן אופן וועט עס דאָך נישט מאַכן דעם געהעריקן איינדרוק... אָבער קודם־כּל דאַרף מען דאָך ציען זייער אויפמערקזאַמקייט... דאָס קאָן מען אויף אַ געוועגלעכן אופן נישט דער־גרייכן... דערצו זענען נויטיק שטאַרקע קולות, אויסערגעוועגלעכע באַוועגונגען, ספּעציעל צוגעטראַכטע אינסטרומענטן און צערעמאָניעס, וואָס זאָל צוגעבן מער פּייערלעכע חשיבות דעם גאַנצן אַקט . . .

און אָט ווערט געבוירן טעאַטער, וואָס ברענגט צום אויסדרוק די אויבער־מאַכט פונעם איבערנאַטירלעכן איבערן מענטש, די אָפּהענגיקייט פונעם בשר־ודם פונעם חסד און ווילן פון די אַלמעכטיקע דערשיינונגען.

אַזוי אַרום הויבט דאָס טעאַטער אָן צו אַנטוויקלען קולט פאַר רעליגיע. דאָס איז אַלזאָ דער דריטער עלעמענט, וואָס איז משפּיע די אַנטשטייאונג פון טעאַ־טער. די ערשטע צוויי זענען: שטייגער און פאַרוויילונג.

## טעאַטער אַלס קאָלעקטיווע קונסט

עס ווערט קלאָר פאַר אונדז, אַז טעאַטער איז להיפּך צו אַנדערע קונסטן, וועלכע קאָנען געשאַפן ווערן פון אַ יחיד, אַ דורכאויס קאָלעקטיווע קונסט.

דער יסוד פון קאָלעקטיוון שאַפן איז, ווי מיר זעען, שוין געלייגט געוואָרן אין די ערשטע פאַזעס פון דער אַנטשטייאונג פון טעאַטער.

אויך איז דער קאָנסומענט, אַזוי צו זאָגן, דער אָפּנעמער, דער געניסער פון דער געשאַפענער טעאַטער־אַרבעט, נישט קיין יחיד, נאָר אַ קאָלעקטיוו, — דאָס פּובליקום, דער טעאַטער־עולם.

דאָס טעאַטער קאָן געמאָלט זיין נאָר אין דעם פאַל, ווען ביידע צדדים, דאָס הייסט, דער פּראָדוצירנדיקער און קאָנסומירנדיקער, זענען קאָלעקטיווע איינסן.

מיט דער צייט איז אַנטשטאַנען די נויטווענדיקייט צו שאַפן אַנטשפּרעכנ־דיקע ערטער, ספּעציעלע בנינים, וואָס האָבן פון איין זייט געגעבן די נויטיקע ראַם און אַטמאָספער פאַר די שפּילער, פון דער אַנדערער ווידער דערמעגלעכט גרויסע מאַסן צושויער אויף אַ באַקוועמען אופן בייצוווינען די דראַמאַטישע שפּילן.

און אָט האָט טעאַטער אויפגעהערט צו זיין אַ צופעליק אימפּראָוויזירטע פאַרוויילונג אָדער צייטפאַרטרייב און איז געוואָרן אַ ציל־באַוווּסטע קולטור־אינס־טיטוציע, אַ מין רעליגיעז־וועלטלעכער דערציאונגס־אַנשטאַלט, צו וועלכן ס׳פּלעגן עולה־רגל זיין די מאַסן.

פון דעם מאָמענט אָן טרעט אַריין די געשיכטע פון טעאַטער אין אַ נייער פאַזע: זי הערט זיך אויף צו שטיצן אויף השערות און סברות און הויבט זיך אָן צו באַזירן אויף זאַכלעכע באַווייזן, וועלכע ס'ליפערן מיט אַ ברייטער האַנט די מערערע אַרכעאָלאָגישע אויסגראָבונגען ווי אויך די קונסט־מאָנומענטן וואָס עס האָבן איבערגעלאָזט יאָר־טויזנטער און שטייען ווי אַן אָפן בוך אויף אַרויסצולייענען פון זיי די פאַרגאַנגענהייט.

## די דיאָניזאָס־פייערונגען — אַלס וויגעלע פון טעאַטער

דאָס וויגעלע פון טעאַטער איז געווען גריכנלאַנד. דאָרט איז מיט אַ זעקס־זיבן הונדערט יאָר פאַר דער נייער צייט־רעכענונג געלייגט געוואָרן דער גרונט־שטיין פון דער טראַגעדיע און קאָמעדיע.

דער ווונדערבאַרער גלאַנץ פון העלעניזם האָט גערייצט און באַהערשט די קולטור, נישט נאָר פון די באַזיגטע פעלקער, נאָר אויך פון די, וואָס האָבן באַזיגט די גריכן.



דיאָניזאָס

אַזוי האָבן די רוימער געשעפּט יניקה פון די אומשאַצבאַרע אוצרות פון דער גריכישער קולטור נאָך דעם אפילו ווי זיי האָבן אינוואַדירט גריכנלאַנד. אויך צו יידן האָט דערגרייכט די השפעה פון העלעניזם, דאָס איז שוין אָבער געווען אַרום דער צייט פון בית־שני און וועגן דעם וועט אונדז נאָך אויסקומען צו רעדן באַריכות.

דאָס טעאַטער איז געבוירן געוואָרן אין אַטען און האָט זיך לכתחילה אויסגעדריקט אין פייערונגען לכבוד דיאָניזאָס, דעם גאָט פון וויין און שניט. ביי די רוימער האָט דער דאָזיקער גאָט געהייסן באַכוס.

די דיאָניזאָס־פייערונגען האָבן מיט זיך פאַרגעשטעלט אַלע עטאַפּן פון זיין לעבן: זיינע ראַנגלענישן, זיין אויפשטייג און ירידה, די אומגעצוימטע תאווה־דיקע לעבנסלוסט און אומענדלעכן ווייטיק און טיפן טרויער.

לכתחילה זענען די דאָזיקע שפּילן באַשטאַנען פון רעציטירטע, אָדער געזונגענע סטראָפן און אויכגעפירט געוואָרן פאַרן מזבח פון דיאָניזאָס. די אָנטייל־נעמער אין די דאָזיקע שפּילן האָבן מיט זיך פאַרגעשטעלט אַ כאָר פון יוגנטלעכע, באַדעקט מיט ציגענע פעלן, וואָס רופן זיך אויף גריכיש: „טראַגאָס" — פון דעם טאַקע שטאַמט דער נאָמען פון דער שפּיל: „טראַגעדיאַ".

אַן אַקטיאָר וואָס איז געשטאַנען אויף אַ טרעפּל ביים אַלטאַר האָט געפירט אַ דיאַלאָג מיטן דאָזיקן כאָר.

דער וואָרט־ און קלאַנג־שפּיל צווישן אַ יחיד און קאָלעקטיוו איז גיך געוואָרן דער באַליבטסטער גייסטיקער אונטערהאַלט ביים גריכישן פאָלק און נישט ווייניקער פּאָפּולער ביי דער רעגירונג, וואָס האָט אייגנטלעך אויסגעהאַלטן און קולטיווירט די דאָזיקע שפּיל. זי פלעגט אַפילו באַשטימען קאָנקורסן אויף דראַמאַטישע, אָדער סאַטירישע ווערק. נאָכן אויספירן די פּרעמירטע ווערק, פלעגט דער אויסגעצייכנטער מחבר באַלוינט ווערן מיט אַ לאָרבערקראַנץ פון דיאָניזאָס אַלטאַר — דער העכסטער כבוד פאַר אַ בשר ודם.

דאָס טעאַטער האָט אַלזאָ אָנגעהויבן זיין עקזיסטענץ אַלס פאָלקס־טעמפּל



דער אַמפיטעאַטער אין גריכנלאַנד



פראַגמענטן פון די דיאָניזאָס־פייערונגען

און זיינע כוהנים — די מחברים און אַקטיאָרן, זענען געווען די אויסדערוויילטע און פּריווילעגירטע.

די דאָזיקע דיאָניזאָס־שפּילן זענען, ווי געזאָגט, געווען דער גרונטשטיין פון דעם פּרעכטיקן בנין, וואָס ס'האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט די אַלט־גריכישע טראַגעדיע און קאָמעדיע.

שוין אין די צייטן פון זיין רייפקייט און ציל־באַוווּסטן געזעלשאַפטלעכן כאַראַקטער, האָט דאָס גריכישע טעאַטער אָפּגעהיטן געוויסע עלעמענטן פון אַט די דיאָניזאָס־פייערונגען. ס'איז פאַרבליבן דער כאָר, וועלכער איז געווען דער אויס־דרוק פון געוויסן, אַ מין אויסטייטשער און פאַרמיטלער צווישן די מענטשלעכע און איבערמענטשלעכע כחות.

אויך איז פארבליבן דער אייגנטלעכער סיפור־המעשה: דאָס לעבן און קאמפן פון די געטער און פּאראלעל צו זיי די קאמפן צווישן מענטש און געטער, צווישן מענטש און נאטור, מענטש און פאטום. פון דעם צוזאמענשטויס איז גע־וועלעך דער מענטש ארויס דער באזיגטער; עס פלעגט פאלן דער יחיד פון די אומ־רחמנותדיקע קלעפּ פון די געטער, פון דער העכערער קראפט.

האָט דאָס טעאטער אזוי ארום אויסגעפירט א פילזייטיקע מיסיע: א דער־ציערישע, א פּאטריאָטישע און א סאָציאלע.

דורך דער רייכקייט און פארביקייט פון די סיטואַציעס און מייסטערישן פערז האָט עס אנטוויקלט אינעם צושויער חוש פאר שיינקייט; געוועקט אין אים ליבע צום לאנד, פּיעטעט צו די געטער; אנט־וויקלט אין אים קאמף־לוסט און געוואגט־קייט צו פּראָטעסטירן אפילו קעגן די העכ־סטע כחות.

ווייל נישט תמיד איז דער זיגער דער גערעכטער, אָבער תמיד איז ווערט צו פאלן אינעם קאמף פארן אמת.

* * *

די גרויסקייט און אומשטערבלעכקייט פון דער קונסט אין גריכנלאנד איז באשטאנען קודם־כל אין דעם, וואָס זי איז געווען דער אויסדרוק פון איר צייט. זי האָט אויך נישט פארגעשטעלט מיט זיך קיין מוזעאלן עקס־פּאָנאט, וואָס איז צוגענגלעך בלויז פאר יחידים, נאָר געוואָרן דאָס אייגנטום פון גאנצן פאָלק.

אזוי זענען געבויט געוואָרן די טעאטערס אונטערן פרייען הימל, מיט א מעגלעכקייט אריינצונעמען צענדליקער טויזנטער מענטשן און אזוי האָבן באצירט די עפנטלעכע פּלע־צער די מייסטערווערק פון אזעלכע געניאלע סקולפּטאָרן, ווי פידיאַס, מיראָן און פּאָלי־קלעטאָ.



מאַסקע און קאָטורנע

כדי בעסער געהערט צו ווערן פונעם גאַנצן עולם, האָבן די אַקטיאָרן געליינט זייער פיל אַכט אויף קולטיווירן זייערע שטימעס, אויף קלאַנג און אויסשפּראַך.

כדי בעסער געזען צו ווערן פונעם גאַנצן עולם, זענען די אַקטיאָרן געגאַנגען אויף ספּעציעלע שטאָלצן, אין דער פאָרעם פון געהעכערטע סאַנדאַלן, אַזוי גערופענע: קאָטורנען.

די אַקטיאָרן פלעגן אויך באַניצן ספּעציעלע מאַסקעס אויף צו באַצייכענען דעם זשאַנר פון דער פאָרשטעלונג: אַ באַזונדערע פּאָר טראַגעדיע, אַ באַזונדערע פּאָר קאָמעדיע. אויך יעדער באַזונדערער טיפּ און כאַראַקטער איז באַצייכנט געוואָרן מיט אַן אַנטשפּרעכנדיקער מאַסקע.

מיט איין וואָרט — דאָס טעאַטער איז געווען דאָס אייגנטום פונעם גאַנצן פאָלק און אַלע האָבן געהאַט די זעלבע רעכט און מעגלעכקייטן צו געניסן פון אים.

די טעמאַטיק פאַר די קונסטווערק מיטן טעאַטער בתוכם איז געווען געשעפּט פון די טיפענישן פון דער פאָלקס־נשמה אין פון די אַקטועלע פּאַסירונגען וואָס האָבן זיי באַווירקט.

## עסקילאָס, דער פאָטער פון דער טראַגעדיע

ווער זענען געווען די באַשאַפער פון דער גריכישער דראַמע? ווער זענען געווען די מחברים פון די אייביקע ווערק, פון וועלכע ס'האָבן געשעפּט זייער גייסטיקע יניקה: שעקספּיר, מאָליער, קאָרנייל, ראַסין, געטע און אַנדערע גאונים פון פאַרשידענע דורות און לענדער?

אַלס פאָטער פון דער טראַגעדיע ווערט באַטראַכט עסקילאָס, געבוירן אין עלעאוזיס אין 525סטן יאָר פאַר דער נייער צייט־רעכענונג.

לעבנדיק אין דער העראָאישסטער עפּאָכע פון דער גריכישער געשיכטע, האָט עסקילאָס געשעפּט זיין טעמאַטיק פון די פּאַטערלענדישע קאַמפן און געהויבענע געפילן פון העלדישקייט, די אַטמאָספערע פון קאַמף פאַרן נצחון פון דער דעמאָקראַטיע, ווי אויך זיין פּערזענלעכער אָנטייל אויף די שלאַכטפעלדער, האָט באַקומען אויסדרוק אין זיינע טראַגעדיעס.

זיינע ווערק האָבן דעריבער געהאַט אַ גרויסע מאָראַלישע ווירקונג אויף זיינע צושויער און אויף זיינע נאָכפאָלגער. אומשטערבלעך זענען זיינע געדאַנקען וועגן באַזיגטע און באַזיגער, וועגן איבערגעטריבענעם שאָוויניזם און וועגן פּשטות און ווירדע, מיט וועלכע די העלדן פונעם רעפּובליקאַנישן גריכנלאַנד האָבן דערפילט זייער חוב.

זענען טאקע זיינע טראגעדיעס א חוץ מיט א טיפן רעליגיעזן געפיל אויך דורכגעדרונגען מיט דער דערהויבענער רואיקייט, וואס כאראקטעריזירט אמתע הערואישקייט.

גלייכצייטיק ווערט ארויסגערוקט דער געדאנק פון פאטום, פון דער אלמעכטיקער נויטווענדיקייט, פון וועלכע ס׳זענען אפהענגיק סיי די מענטשן, סיי די געטער. קיין שום פארברעכן טאר נישט בלייבן אומבאשטראפט. די זינד פון די עלטערן גייט אריבער אויף די קינדער. דער קאמף פון מענטש מיט זיין גורל איז אלזא אן אומגלייכער און פארשפילטער.


עסקילאס

דאס איז אייגנטלעך געווען דער הויפט־מאטיוו פון דער אנטיקער גריכישער דראמע, להיפך צו דער מאדערנער דראמע, וווּ דאס לעצטע איז דער זאפטיקסטער מאטיוו און פארנעמט דעם אויבנאן אין איר טעמאטיק.

ערשט אין זיין גרעסטן ווערק, אין „געשמידטן פראמעטעאוס", באמערקט זיך א וויכטיקע ענדערונג אינעם פאעטס נשמה: פראמעטעאוס פאדערט אויף דעם גורל צום קאמף, ער וויל נישט קאפיטולירן פארן אלמעכטיקן צעאוס. ווי אן אומדערשראקענער רעוואלוציאנער טרעט ער ארויס קעגן דעספאטישן גאט, שטעלט זיך מיט אים אין אן אומגלייכן קאמף און אויף אן אומפארגלייכלעך־סטאאישן אופן איז ער גרייט צו פאלן אין פארטיידיקונג פון זיין אמת.

פאראן אין זיין האנדלונג עפעס געמיינזאמעס מיט דער ביבלישער לעגענדע וועגן עץ־הדעת.

אזוי ווי דער אראפגעריסענער, פארבאטענער עפל עפנט די אויגן, מאכט דערזען אמתן, וואס זענען ביז דאן געווען פארהוילן און אומבאמערקט, — אזוי רויבט פראמעטעאוס דאס געטלעכע פייער אין הימל און גיט עס אוועק דער מענטשהייט.

די דאָזיקע געטלעכע מתנה דאַרף עפענען די אויגן, דאַרף אויפברויזן געמיטער, וועקן פּראָטעסט און רעוואָלט.

נישט בחינם איז עסקילאָס געקרוינט געוואָרן מיטן צונאָמען: „ליכט־ברענגער".

„איך ווייס נישט" — שרייבט לעאָפּאָלד בערגמאַן אין זיין אָפּהאַנדלונג וועגן עסקילאָסן — „צי זאָל איך באַוווּנדערן עסקילאָסן, צי זאָל איך באַוווּנדערן יענע עפּאָכע, וועלכע האָט געקאָנט אַנטוויקלען אַזעלכע דיכטער ווי עסקילאָס, סאָפאָקלעס און עאוריפּידעס.



דער האַנדל מיט מאַסקעס

עס איז באמת אַ גרויסער פאַרלוסט, וואָס דאָס נאָכפאָלגנדיקע פינצטערע, אַסקעטישע און ספּיריטועלע קריסטנטום האָט פאַרניכטעט דעם רענעסאַנס פון אַלטערטום.

דערפאַר טאַקע איז דאָס, וואָס איז אונדז פאַרבליבן און געראַטעוועט געוואָרן פון פאַרניכטונג דורך רעליגיעזן שייטער־הויפן, אונדז טאָפּלט טייער. — טייער איז אונדז פּראָמעטעאוס אַלס די פאַרקערפּערונג פון אונדזערע אידעאַלן".

לשם אילוסטראַציע וועלן מיר ברענגען די לעצטע סצענע פון דער דאַזיקער טראַגעדיע, לויט בערגמאַנס איבערזעצונג.1)

פּראָמעטעאוס איז צוגעשמידט צום פעלז מיט מעכטיקע קייטן. זיין ברוסט איז דורכגעשפּיזט פון א פייל. אַן אָדלער פּיקט זיין לייב און רייסט שטיקער פון זיין לעבער.

ער ליגט פונדעסטוועגן נישט קיין אַכט אויף די אוממענטשלעכע יסורים און טענהט כסדר מיט די אָקיאַנידן, וואָס באַמיען זיך צו לינדערן זיין ווייטיק.

אינדעם קומט אָן צו פליען הערמעס מיט א געפליגלטן פוס, מיט דעם העראָלד־שטעקן, און בלייבט נישט ווייט פון פּראָמעטעאוס אויף א העכערן פעלז.

הערמעס:

צו דיר, דעם חכם, וואָס קאָן די קונסט פון לעסטערן;
צו דיר, פאַרברעכער לגבי די געטער, וואָס האָט
צוליב דער מענטשהייט אין א רויבער זיך פאַרוואַנדלט,
צו דיר רעד איך.
דעם פאָטערס פאַרלאַנג איז זאָלסט אים דערקלערן,
דורך וועלכע וועגן, ווי דו טוסט באַרימען זיך, וועט פון אים
גערויבט ווערן זיין מאַכט?
ענטפער אויף דער שאלה מיט קלאָרע, נישט פאַרשטעלטע רייד.
דו זעסט דאָך אליין, פּראָמעטעאוס, אַז דער גאָט
איז נישט צו מילד און אַז דו קאָנסט נאָך מער פון אים דערוואַרטן.

פּראָמעטעאוס:

ווי גרויסאַרטיק און שטאָלץ עס איז דיין לשון.
א ווירדיקע שפּראַך פאַרן העראָלד פון די געטער.
גלויבט איר אויף אַן אמת אין דער אייביקייט פון אייער מאַכט,
אין דער אומבאַצוווינגבאַרקייט פון אייער פעסטונג?
האָב איך דען נישט געזען שוין צוויי טיראַנען פון דאָרט געשליידערט?
און פון היינטיקן, דעם דריטן, זע איך אויך
דעם שענדלעכסטן סוף בקרוב.
מיינסטו אפשר: איך ציטער און שרעק זיך
פאַר מיינע געטער? — גאָר ווייט בין איך דערפון.
גיי צוריק דיין וועג פונוואַנען ביסט געקומען,
ווייל גאָרנישט וועסטו זיך דערוויסן און בחינם
איז דיין מי.

1) די יידישע איבערזעצונג איז באַאַרבעט דורך ז. ט.

ה ע ר מ ע ס :

צוליב דיין עקשנות ביסטו איצט נעשמידט אין קייטן.

פ ר אָ מ ע ט ע א ו ס :

קיינמאָל, קיינמאָל וועל איך נישט פאַרבייטן — הער זיך גוט צו —
מיינע איצטיקע יסורים אויף דיין שקלאַפּישער דינסט.
ווייל בעסער איז פאַרשקלאַפּט צו זיין צום שטיין,
איידער אַ טרייער קנעכט צו זיין ביי זעאוס.

ה ע ר מ ע ס :

ס׳ווייזט אויס, ס׳געפעלט דיר שטאַרק די לאַגע דיינע.

פ ר אָ מ ע ט ע א ו ס :

געפעלט? אָ, יאָ. אַלע מיינע שונאים געזאָגט געוואָרן,
מיט דיר בתוכם.

ה ע ר מ ע ס :

מאַכסטו מיך אויך שולדיק אין דיינע יסורים ?

פ ר אָ מ ע ט ע א ו ס :

צו זאָגן דיר דעם אמת, האַס איך אַלע געטער,
וואָס האָבן פאַר מיין גוטס מיט שענדלעך־שלעכטן
מיר באַצאָלט.

ה ע ר מ ע ס :

אַ משוגעת, ווי איך זע, האָט דיך באַהערשט.

פ ר אָ מ ע ט ע א ו ס :

משוגעת? יאָ — אויב שנאה צו די שונאים
קאָן הייסן משוגעת.

ה ע ר מ ע ס :

ווען ס׳וואָלט דיר וויל געווען דיין לעבן,
וואָלסטו נישט צום אויסהאַלטן געווען.

פ ר אָ מ ע ט ע א ו ס :

וויל? — ווײ . . .

ה ע ר מ ע ס :

דעם פאָטער זעאוס איז אומבאַקאַנט דער אויסרוף.

פ ר אָ מ ע ט ע א ו ס :

דאָך וועט אונדז די לאַנגע צייט אַ סך נאָך לערנען.

ה ע ר מ ע ס :

דו האָסט דאָך חכמה פון איר קיינמאָל נישט געלערנט.

פראמעטעאוס:

ווען איך וואלט געווען א חכם, וואלט איך דאך
פארשפארט צו רעדן מיט אזא קנעכט.

הערמעס:

און אויפן פאטערס פראגע — ווילסטו מיר נישט ענטפערן?

פראמעטעאוס:

ווי וואלט ער זיך פון מיר דעם דאנק פארדינט?

הערמעס:

אזוי ווי א ייִנגל ווער איך דא אפגעלאכט.

פראמעטעאוס:

ביסטו נישט נארישער פון א ייִנגל,
אויב דו האסט דערווארט פון מיר אן ענטפער?
גיב איבער זעאוסן, אז נישט מיט פייניקונג, אדער
מיט שפיצלעך וואלט ער מיך דערצו געצווונגען.
ער זאל אפילו די שענדלעכע קייטן אראפנעמען פון מיר.
מעג ער אפילו זיין פייערדיקן פלאם שליידערן צוזאמען
מיט א ווייסן שניי־שטורעם, אז קראכן זאל
דער פונדאמענט פון וועלט, — מיך וועט דאס נישט בויגן.
קיינמאל וועט ער זיך נישט דערוויסן דורך וועמען
ער וועט זיין טיראנישקייט פארלירן.

הערמעס:

זע נאר גוט,
צי אזא פירונג וועט קאנען דיך באפרייען.

פראמעטעאוס:

שוין לאנג איז דאס פאראויסגעזען און פעסט באשטימט.

הערמעס:

באגרייף עס, דו גענארטער, באגרייף שוין ענדלעך
ווי דו באדארפסט זיך ריכטן אין דיין אומגליק.

פראמעטעאוס:

בחינם איז דיין עצה, — עקלהאפטע מעשים זענען מיר פרעמד.
קיינמאל וועט נישט איינגעבן זיך דעם גאט
מיך צו פארכטיקייט און פחדנות צו דערנידעריקן.
איך זאל ווי א פרוי פון נידעריקסטן שטאנד מיט
הויכגעשטרעקטע ארעמס בעטלען — מיך פון קייטן צו באפרייען.

ה ע ר מ ע ס:

איך האָב אומזיסט פאַרלוירן צייט און רייד מיט דיר —
גאָרנישט האָט גערירט און גאָרנישט האָט געמילדערט
די שטאָלצקייט פון דיין האַרץ.
ניין, ווי אַ יונג פערד, וואָס האָט קיין צום נאָכנישט פאַרזוכט,
שפּרינגסטו ווילד און אומבאַהערשט.
אָבער וואַקלענדיק איז דער באָדן אונטער דיין עקשנות,
ווייל איינגעשפּאַרטקייט האָט נאָך קיינמאָל
דעם שוטה נישט געהאָלפן צו דערגרייכן אַ נצחון.
הער אויס. ווען דו וועסט נישט אויספאָלגן מיינע רייד,
דאַן אָך און וויי. וואָס פאַרא שטורעם־געוויטער,
וואָס פאַרא קוואַל מיט שמערצן דיך וועט טרעפן.
מיט בליץ און דונער וועט דיך דער פאָטער
אַריינשלאָגן אין דעם פעלזן־אָפּגרונט.
אויף שטיקער וועט זיך צעפּיצלען דיין שטיין און וועט
אַריינשליידערן דיך אין די אָרעמס פון די פעלזן
און האַלטן איינגעקלאַמערט דיך ביז אין־סוף.
דאַן שטייגסטו ווידער אַרויף צום ליכט —
נאָר מיט גרויזאַמקייט קלאַפּט דיר דער הונט פון זעאוס,
דער שטאָרעמדיקער אָדלער, אין דיין צעבראָכן לייב
מיט זיינע שאַרפע נעגל. און דער אומגעבעטענער,
בלוט־דורשטיקער גאַסט וועט זיך רייצן
מיט זיין בלוטיקן פרעסן פון דיין לעבער.
אַנטשייד. איך שפּיל מיך נישט מיט ווערטער. דעם אמת זאָג איך.
ווייל פרעמד זענען ליגנס דעם געטלעכן מויל, —
וואָס זעאוס באַשליסט, פירט ער אויס ביז צום סוף.

צ וו י י ט ע אָ ק ע י אָ נ י ד ע:

הערמעסעס רייד זענען ריכטיק,
נישט זיין אַזוי פאַרעקשנט טוט ער ראָטן,
און דעם שכל־הישר צו פאָלגן.
יאָ, טו עס. ס'פאַרשוועכט דעם קלוגן ווען ער מאַכט אַ פאַרזען.

פּ ר אָ מ ע ט ע א ו ס:

די דאָזיקע נייעס איז מיר באַקאַנט נאָך
איידער זיין רוף האָט מיך דערגרייכט...

דעם שונא איז שוין באשערט: צו ליידן פונעם שונא.
איז ווארף שוין אויף מיר ארונטער דעם בליץ־שטראלם
פייער־שלאנג פון ווילדע ווינטן פול מיט
גרויזאמקייט דורך געקראמפטע לופט.
און זיינע ווארצלען לאז דערציטערן דעם אפגרונט
פון דער ערד. און זאלן מיט ווילדן געררויש
די כוואליעס פונעם ים פארפלייצן דעם וועג פון די שטערן.
און ווארף אין גרויזאמען געווירבל פונעם גורל
מיין לייב אין שווארצן טארטאראס ארונטער. —
דאך — קאן ער מיך נישט טויטן.

ה ע ר מ ע ס :

הערט די ווילדע רייד פון א צעמישטן
וואס פעלט אים נאך דען צו משוגעת?
ווען וועסטו איינצוימען דיין צארן, צעדרייטער פלאפלער?
דאך — איר ווייבער, וואס האט זיך דא
פול מיט מיטלייד ארום אים פארזאמלט:
אוועקט, אוועקט פון דאזיקן ארט וואס גיכער,
כדי דעם דונערם שרעקלעכער געקנאל
זאל אייך נישט רויבן דאס באוווסטזיין.

ע ר ש ט ע  א ק ע י א נ י ד ע :

איך קאן די עצה דיינע נישט געהארכן...
ווי קאנסטו אזא שלעכטס פון מיר פארלאנגען...
וואס ס׳וועט מיט אים געשען, וועל איך דאס טיילן...
איך האב געלערנט פאררעטערס צו פאראכטן.
נישטא דאס בייז וואס זאל מיר זיין
עקלהאפטער פון פארראט.

ד ע ר מ ע ס :

געדענקט. איך האב געווארנט אייך. און שילט מיך נישט,
ווען דעם גורלס ווייטיק וועט אייך טרעפן.
זאגט נישט, אז זעאוס האט אומשולדיקערהייט
צו ליידן אייך פארמשפט. נישט אומגעריכט,
נישט דורך אפנארעריי, ניין, דורך אייך אליין,
צוליב אייגענער טפשות האט דער שיקזאל
אייך פארוארפן אין זיין אויסגעשפרייטער נעץ...

(הערמעס פֿאַרלאָזט ביי זיינע לעצטע ווערטער די הויכקייט פֿון פֿעלז,
און תיכף הויבט אָן צו שטורעמען דער אָרקאַן, דונער און בליץ
קומען איינס נאָכן אַנדערן מיט ווילדער שנעלקייט. פֿינצטערע
וואָלקנס פֿאַרטונקלען דעם הימל און לאָזן זיך אַראָפּ אַרום דעם
פֿעלזן־שפּיץ. ערדציטערניש צעטרייסלט די וואָרצלען פֿון די בערג.
די אָקעיאַנידן קניען אויף דער ערד.)

פּ ר אָ מ ע ט ע א ו ס :

דאָס וואָרט האָט זיך פֿאַרוואַנדלט אין טאַט.
די ערד ציטערט... דעם דונערס אָפּקלאַנג
שווידערט־דורך די לופֿט... ווי פֿייערשלאַנגען
צוקן די בליצן... שטויבווירבלט אויף...
און עס יאָגט זיך אַהער דאָס שטורעם־פֿאָלק פֿונעם ווינט...
אין אַ ווילד צעטומלטן, קעגנזייטיקן קאַמף
צעמישן זיך ים און הימל: און געשיקט פֿון גאָט
ווערט פּלוצים געשליידערט דאָס שרעקלעכע אויף מיר.
(ווילד גערויש פֿונעם געוויטער)

אָ, מיין מוטערס הייליקע מאַכט.
אָ, עטער, ליכט־קוואַל פֿון אוניווערס.
זעט, ווי איך לייד.

(דער פֿעלז ווערט פֿאַרשלונגען פֿונעם אָפּגרונט)

אויף אַזאַ אופֿן שילדערט עסקילאָס דעם אומגלייכן קאַמף צווישן פֿרייען, אומגעצוימטן גייסט און ברוטאַלע גבורה פֿון טיראַנען. פּראָמעטעאוס איז געווען דער ערשטער אויסצושרייען זיין פּראָטעסט אָן מורא און ער האָט אויך געדינט אַלס פּראָטאָטיפּ פֿאַר אַ לאַנגער קייט טיטאַנען, וואָס זייערע געשטאַלטן האָבן באַרייכערט די אייראָפּעאישע ליטעראַטור.

עסקילאָס האָט אין דער אומשטערבלעכער לעגענדע וועגן פּראָמעטעאוס אַרויסגעבראַכט אויף אַזאַ בולטן אופֿן איינעם פֿון די אייביק־צאַפּלדיק אַקטועלע קאָנפֿליקטן, אַז דענקער און קינסטלער פֿון אַלע עפּאָכעס ביז היינט צו טאָג האָבן אין איר אַריינגעלייגט פֿאַרשידנאַרטיקסטן אינהאַלט און אויסטייטשונג. כאָטש ס'איז נישט באַוווּסט, ווי אַזוי ער האָט געלייזט דעם קאָנפֿליקט צווישן דער מעכטיקער פּערזענלעכקייט און דעם איינגעשטעלטן סדר־העולם (ווייל אַ גרויסער טייל פֿון זיינע כתבים זענען נישט דערגאַנגען צו אונדז), האָט ער אָבער סטימולירט די נאָכפֿאָלגער זיינע אויף זייער אינדיווידועלן אופֿן, לויט דעם אויסדרוק פֿון זייער אייגענער צייט צו לייזן דעם קאָנפֿליקט.

דאָס איז מיט דער צייט געוואָרן דער יסוד פון א סך ווערק פון דער אייראָ־פּעאישער ליטעראַטור און יעדעס פון זיי האָט אַרויסגעלייגט זיין חתימה אויף דער אויסטייטשונג פון דעם אייביקן פּראָבלעם.

דער דאָזיקער פּראָבלעם איז אַקטועל אויך היינט צו טאָג און וועט אַזוי מסתמא פאַרבלייבן אויף דורות.

די גרויסע ירושה פון עסקילאָס, וואָס איז פאַר קנאַפּע 2500 יאָר דער גייס־טיקער וועגוויזער פאַר דיכטער און דראַמאַטיקער, זאָגט עדות אויף דער קולטור־היסטאָרישער באַדייטונג פון זיינע ווערק און אויף זייער שטאַרקער השפעה אויף דער מאָדערנער דראַמאַטיק.

צו זיינע באַדייטנדיקסטע ווערק, וואָס זענען דערגאַנגען צו אונדז, געהערן צווישן אַנדערע: „די פּערסער" און „אַגאַמעמנאָן".

## סאָפאָקלעס און עאוריפּידעס

נאָך עסקילאָס באַטרעט דעם טראָן פון דער גריכישער דראַמאַטיק — סאָפאָקלעס, געבוירן אין 497סטן יאָר פאַר אונדזער צייט־רעכענונג.

פון איבער 100 טראַגעדיעס, וואָס ער האָט אָנגעשריבן, זענען 20 פּרעמירט געוואָרן אויף די רעגירונגס־קאָנקורסן. זייער אינהאַלט איז באַזירט אויף די העראָ־אישע לעגענדעס פונעם אַלטן גריכנלאַנד, אין וועלכן ס'דאָמינירט דער רעליגיעזער מאָמענט.

זיי אונטערשיידן זיך פון עסקילאָסעס טראַגעדיעס מיט זייער ערדישקייט, מיט זייער מענטשלעכקייט; זיינע פּערזאָנאַזשן, הגם זיי זענען די זעלבע מלכים און העלדן, זענען אָבער נענטער צו אונדז מיט זייער מענטאַליטעט, מיט זייערע גראַנג־לענישן און ירידה.

די פּאָפּולערסטע פון זיינע טראַגעדיעס זענען: „קעניג־עדיפּוס" און „אַנטי־גאָנע".

דער דריטער פון די דריי גרויסע איז עאוריפּידעס, געבוירן אין סאַלאַמיס, אין 485סטן יאָר פאַר אונדזער צייט־רעכענונג.

נישט ווייניקער סוגעסטיוו פון עסקילאָס און סאָפאָקלעס, איז ער אָבער אין פיל הינזיכטן אַנדערש פון זיינע צוויי גרויסע פאָרגייער. ער באַווייזט אונדז די געטער אין זייער נאַקעטקייט און מאַכט אונדז אויף א פּשוטן, קאַלטן און זאַכלעכן אופן בייוווינען זייערע לײדנשאַפטן, גראַנגלענישן און פאַרברעכנס.

ער האָט אַזוי צו זאָגן, פאַרמענטשלעכט די גריכישע טראַגעדיע. „דער



עאָוריפּידעס



סאָפאָקלעס

פילאָזאָף פון דער בינע", איז דער צונאָמען, מיט וועלכן ער איז געקרוינט געוואָרן פון זיינע מיטצייטלער. כאַראַקטעריסטיש פאַר זיין באַציאונג צו דער סביבה איז זיין פאָלגנדיקער ענטפער, ווען מען האָט אים געבעטן צו מאַכן געוויסע ענדערונגען אין זיינע טראַגעדיעס: „איך שאַף נישט מיינע טראַגעדיעס כדי צו לערנען ביי אייך, נייערט מיינע טראַגעדיעס זאָלן אייך לערנען".



קאָסטיומען צו „קעניג עדיפּוס" געצייכנט דורך ש. סבא פאַר דער „הבימה" אין תל־אביב (יאָר 1937)

צוליב זיין דרייסטן דעמאַסקירן די געטער איז ער באַטראַכט געוועזן אַלס אַטעאיסט. זיינע ווערק כאַראַקטעריזירט דער געדאַנק, וועלכן בערנאַרד שאָו האָט מיט 2500 יאָר שפּעטער דעפינירט אין זיין באַרימטער פראַזע:

„אויב די געטער האַנדלען שלעכט, זענען זיי קיין געטער נישט".

צו זיינע וויכטיקסטע טראַגעדיעס געהערן: „די טראָיאַנער", „איפיגעניא", „אַלצעסטעס", „העלענא" און „מעדעא".

די לעצטע איז אַגב אַדאַפּטירט געוואָרן פונעם דייטש גרילפּאַרצער, מיט וואָס יעקב גאָרדין האָט זיך ווידער באַניצט פאַר זיין יידישער אַדאַפּטאַציע, וועלכע איז געשפּילט געוואָרן דורך: בערטאַ קאַליש, פאַני־וואַדי עפּשטיין, אסתר רחל קאַמינסקי און אַנדערע.

ס'איז געוואָרן אַ פראַגע פון קינסטלערישער אַמביציע ביי די גרעסטע אַקטריסעס פון אַלע צייטן און לענדער זיך צו באַווייזן אין דער דראַמאַטיש־פּסיכאָלאָגישער פּיעסע, וועלכע אַנטפּלעקט די ווייבערישע ליידנשאַפט און ליבע, וואָס ס'פאַרקערפּערט מיט זיך מעדעא, ווי אויך די אומגעהויערע אַנטוויקלונג און פאַרביטערונג, שנאה און נקמה אין וועלכער די ליבע ווערט פאַרוואַנדלט.

אינעם קאָנפליקט צווישן מעדעא און יאַזאָן איז שווער אָנצוווייזן דעם שולדיקן.ביידע זענען זיי אַ פּראָדוקט פון אַ צייט פון בגידה און פאַלשקייט, פון ברוטאַלע פּאָליטישע אויסשפּילן און אינטריגעס; פון אַ צייט, ווען אין גריכנלאַנד האָט געהערשט אַ שטאַרקע רעאַקציע קעגן דעמאָקראַטיע.

אַלס מוסטער פון עאורופּידעסעס סטיל און אויסדרוקס־קראַפט זאָל דינען דער מאָנאָלאָג פון מעדעא, אין דער איבערדיכטונג פון שמעון ראַדעל.

יאַזאָן רייסט איבער מיט מעדעא און פאַרבלייבט מיט זיין נייער געליבטע קרעאוזא. מעדעא מוז זיך דערוווייטערן. זי באַשליסט אויף אַ שרעקלעכן אופן זיך נוקם צו זיין אין אים. זי קוילעט אירע צוויי געליבטע קינדער, כדי זיי זאָלן נישט גיין אין די וועגן פון זייער פאָטער; כדי עס זאָל נישט זיין קיין המשך פונעם רשעות און פאַלשקייט.

פאַרן אויספירן דעם קינדער־מאָרד, קומט פאָר פאָלגנדיקער קאַמף אין איר צעוווייטיקטער נשמה.

מ ע ד ע א :

...אָט בין איך אַליין אויף דער וועלט... ווי אין אַ מדבר — פאַרלוירן...
אַליין!... ניט פאָטער... ניט קינדער... ניט מאַן... כ'האָב ניט מער קיינעם...
דו וויינסט!... און יאַזאָן?! זיין נישט־זיכערן, נאַקעטן גורל
דו אַליין אין טריאומף האָסט פאַרוואַנדלט, פאַרשאָלטן געביין, דו!...

איך — בין שוין אויס!... כ'גיב אַלץ אים אַוועק, ווי נאָך אַ פאַרשפּילטן געוועט...

ס'איז אים צו לאַסט אונדזער בונד — איז נעם איך דעם לאַסט אים
ארונטער...
מיינע קינדער איך גיב אים אוועק... און צו זיין חתונה־בעט
אויף מיינע אייגענע הענט, איך טראָג זיין געליבטע אים אונטער!...

איך אַנטלויף אַ פאַרטריבענע... כ'יאָג זיך אין פּיין און אין ליידן...
און ער, יאזאָן, — דער גליקלעכער פּאָטער און צופרידענער מאַן —
ער יאָנטעווט צוזאַמען מיט איר... איך זע זיי דאָרט ביידן
געאַרעמט, אויף די טרעפּ פון דעם פּאַלאַץ... שטאָלץ פונעם זיין זאַלבענאַנד...

יאזאָן מעג שפּאָטן פון מיר... פון מיין אייפער... ער מעג זיך פאַרגינען
צו רייבן אַ האַנט אָן אַ האַנט פון געגנוס וואָס ס'פאַרשאַפט אים מיין פּיין...
אָ, גייסטער פון גיהנום — קומט! העלפט מיר! איר מוזט מיר איצט דינען!!
זעטיקט אָן מיין נשמה מיט גרויל... מיט בלוט זעטיקט אָן און געוויין!!!

ווי ס'זאָל געשען אָט די זאַך — ניט איך וויים נאָך צומאָל... כ'וואָלט וועלן
באַגיין אַ פאַרברעכן אַזאַ, וואָס מען זעט ניט אַפילו אין חלום!...
אַזאַ, וואָס דעם גאַנצן אַרום ער זאָל מיט אַ שלייער פאַרשטעלן!...
אַ שלייער פון גרוילן געוועבט... מיט בלוטיקע שפּריצן — געמאָלן!!...

איך מוז אים, דעם קעניג יאַזאָן, און זיין געצערטלטער קרעוזא,
און מיינע קינדער, אפילו... קינדער?!... קינדער נאָך האָב איך?
צי היים איך נאָך מוטער — אויב פאַרווערט איז מיר מוטער צו הייסן
אין דעם גיהנום אין וועלכן איך צאַפּל, און ברען און איך בראָט מיך??!

זיי רופן גאָר „מוטער" די צווייטע... ליבע זיי פילן צו קרעוזען
וועלכע האָט מיין ברוסט, וואָס האָט זיי גענערט, צעלעכערט מיט
שפּיציקן דאָרן!
נו, גוט! זאָל זיין ווי עס גלוסט אייך, איר זין פון פאַרשאָלטענעם גזע!
צוזאַמען מיט אירע — אויך אייערע פאַרשניידן איך וועל אייך די יאָרן!..

אָט קומט זי! אָט איז זי די שוואַרצע נקמה, די וויסטע,
וואָס וועט אים, יאַזאָנען, דערלאַנגען דעם גרויזאַמסטן שניט...
אַלע דריי ליבט ער און צערטלט, פון יעדן באַזונדער געניסט ער —
טאָ זאָל יעדנאיינעם באַהויכן דער טויט און באַגלייטן די טריט!...

אָ! שטאַרבן זיי זאָלן מיר! אומקומען! אָט אַזוי שטאַרבן!!
און פון מיינע אייגענע הענט!... אָט אַזוי!... אָ שרעקלעך געדאַנק!..
וועמעס לייב אויב ניט מיינעם עס וועט אָט דער אומגליק פאַרדאַרבן?
ווער דען טיפער פון מיר וועט נאָך פילן דעם ווייטיק, וואָס כ'זוך און פאַרלאַנג!

און דיין אייגענער פּיין, אָ, דו מוטער, דו אומגליק פאַרשייטער!
דיינע זין פּאָר וועלכע, אָן וואַקל, דו האָסט דיין נשמה געגעבן!? —
די גערערים, די אייגענע, אַצינדערט צערייסט און צעשניידסטו —
אזוי, אַז אפילו זען ווי זיי שטאַרבן וועסטו ניט דערלעבן!...

דאָך מוז איך!... און כ'וועל שטאַרבן צופרידן, אָן קווענקל,
אויב יאַזאָנען יסורים סט'פאַרטיילן צום רעשט פון די יאָרן,
אויב מיין פאַרברעכן וועט ווערן אויף אייביק זיין טעגלעכער הענקער
און אויף אייביק פון געטער עס וועט אים פאַרפאָלגן דער צאָרן...

סאַטורן, הער אוים מיר! פאַרנעם מיין געבעט, אַלמעכטיקער גאָט, דו!
זאָל דיינע, פון לאַנג שוין, אין טרויער פאַרלאָזטע מזבחות

געשמאַק זיין פון קינדער — דורך אייגענע מאַמעס געשאָכטן —
דאָס בלוט, וואָס עס בריט נאָך און שמעקט ווי די טייערסטע קטורת!

איך זאָג דיר צו דאָ צו ברענגען אָט דעם שרעקלעכן קרבן,
און שווער דיר, סאַטורן, צו מאַכן די גרויזאַמע שחיטה —
אויב כ׳וועל דיר אַלס שותּף צו מיר היינט דאָ האָבן דערוואָרבן...
אַלס שותּף איך וויל דיר און נישט אַלס אַ שופט, וואָס שטייט אין דערמיטן...

פאַרוואַנדל דעם האַרטן יאַזאָן אין אַ ווילן, אַ פּרומען און ווייכן...
מאַך אים צאַרט, מאַך אים פּילבאַר — ווי מאַטעס געוויינלעך עס זענען,
כדי באַווייזן ער זאָל זיינע זין און דעם סוף פון געוויין נים דערגרייכן,
ווי ס׳קענען בלויז מאַמעס פאַרצווייפלטע קלאָגן און וויינען...

ער זאָל, אין געשפּענסטער־געלאָף, ווי משוגע, אויף וועגן זיך טראָגן, —
צו שפּאָט פון דער גאַנצענער וועלט זיין, צו גלייך מיט זיין פינצטערן גורל...
געטריבן פון שרעק און פון אַנגסט — זאָל ער יאָמער באַגעגנען און קלאָגן —
אָן, לעבן, און שטאַרבן ווי איך... אין אומענדלעכע גרוילן...

## אַריסטאָפאַנעס, דער פאָטער פון דער קאָמעדיע

פון די זעלבע דיאָניזאָס־פעסטיוואַלן איז, ווי געזאָגט, אויך אנטשטאַנען די צווילינגס־שוועסטער פון דער טראַגעדיע — די קאָמעדיע.

להיפּך צו דער טראַגעדיע, וועלכע האָט אין איר ערשטן פּעריאָד געשילדערט די טרויעריקע זייטן פון דיאָניזאָס לעבן ביז זיין טויט, האָט די קאָמעדיע געוויזן זיין אומגעצוימטע תאווה, זיין גרענעצלאָזן לעבנסלוסט און פרייד.

דער נאָמען „קאָמעדיאַ" שטאַמט טאַקע פונעם וואָרט: „קאָמאָס", וואָס באַדייט: הפקרות, לצנות, זאָרגלאָזיקייט און היי־שעהדיקייט.

דער וויכטיקסטער פאָרשטייער פון דער גריכישער קאָמעדיע איז אַריסטאָפאַנעס, געבוירן 450סטן יאָר פאַר אונדזער צייט־רעכענונג.



אַריסטאָפאַנעס

ער האָט אויף אַ ריקזיכטלאָזן אופן אָפּגעלאַכט פון זיינע מיטצייטלער, נישט

שווינענדיק אַפילו אַזעלכע אויטאָריטעטן, ווי סאָקראַטעס, וועלכן ער שילדערט אין זיין קאָמעדיע „די וואָלקנס", ווי אַ דעמאָראַליזירער פון דער יוגנט.

אריסטאָפאַנעס איז אַ מעכטיקער און סוגעסטיווער דיכטער און גלייכצייַ־



סצענעס פון דער גריכישער קאָמעדיע

טיק אַן אומפאַרגלייכלעכער מייסטער צו איראָניזירן און קריטיקירן אַלע מענטשלעכע שוואַכקייטן און לעכערלעכקייטן.

דאָס שטערט אים נישט צו זיין אַן אויסגעשפּראָכענער רעאַקציאָנער און עפנטלעך אַרויסציטרעטן קעגן דעמאָקראַטיע, איר יוסטיץ און, דער עיקר, אירע אָנפירער.

זיינע הויפּט קאָמעדיעס זענען: „וואָלקנס״, „פייגל״, „רייטער״, „ליזיס־טראַטאַ״ און „די בבלים״.

דאָס איז דער פונדאַמענט, די הויפּט־זייל פון דעם קלאַסישן גריכישן טעאַטער, וואָס האָבן מיט זייער גאונות משפּיע געווען די טעאַטער־קולטור פון אַלע לענדער און צייטן.

זייער אויפגאַבע איז געווען, ווי סאָקראַטעס האָט עס באַצייכנט: „צו זיין שליחים און אויסטייטשער פון מענטשן פאַרן געטלעכן און פון געטלעכן פאַרן מענטשן. ווייל גאונות איז דער מיטלפּונקט צווישן שטערבלעכן און געטלעכן״.

* * *

איבער דער עוואָלוציע פון רוימישן טעאַטער וועלן מיר זיך נישט אָפּשטעלן, ווייל אונדז אינטערעסירן דאָך די עפּאָכן־שאַפנדיקע מאָמענטן אין דער געשיכטע פון טעאַטער, אומאָפּהענגיק פון לאַנד און פאָלק.

און סוף כל סוף איז דאָך דאָס רוימישע טעאַטער געווען אונטער דער השפּעה פונעם גריכישן און כמעט אַ קאָפּיע פון אים, הגם פון אַ סך נידעריקערן קוואַליטעט.

וועט אונדז אויסקומען צו דערמאָנען דאָס רוימישע טעאַטער נאָר אין שייכות מיט דער השפּעה, וואָס עס האָט געהאַט אויף דער יידישער קולטור בעת דער רוימישער אָקופּאַציע פון ארץ־ישראל.

ביי יעדער תקופה, וואָס מיר וועלן באַהאַנדלען, וועלן מיר פּאַראַלעל צו דער אַנטוויקלונג פון אוניווערסאַלן טעאַטער, אַנטקעגנשטעלן דעם מצב פון דער יידישער טעאַטער־קונסט, אָדער טעאַטער ביי יידן אין דער געגעבענער צייט.

דאָס וועט אונדז בולטער מאַכן די חבלי־לידה פון דער דאָזיקער קונסט ביי יידן, די מניעות אין איר אַנטוויקלונגס־פּראָצעס, ווי אויך דעם אומגעהויערן אימפּעט, מיט וועלכן זי האָט זיך אין אונדזער יאָרהונדערט אַנטפּלעקט.

## קאַפּיטל דריי

# טעאַטער ביי יידן

### תנ״ך — אַן אומאויסשעפּלעכער קוואַל פון טעאַטער-טעמאַטיק

זיינע קינדער־יאָרן האָט דאָס יידישע פאָלק געווים פאַרבראַכט אויפן זעלבן אופן ווי אַלע אַנדערע פּרימיטיווע פעלקער.

די זעלבע שמחות נאָך אַ געלונגענער יאַגד, די פייערונגען נאָך אַ רייכן שניט, פאַמיליע יום־טובים, רעליגיעזע מנהגים און טרויער־צערעמאָניעס ביי לוויות.

דאָס יידישע פאָלק האָט אָנגעהויבן זיין עקזיסטענץ אַלס נאָמאַדן־שבט און אָפט געביטן די גרעניצן פון זיין זיץ־אָרט.

די נישט איינגעוואָרצלטקייט אויף אַן אייגענעם באָדן האָט שטאַרק געשטערט די קולטור־אַנטוויקלונג ביי די פּאַרצייטיקע יידן.

אין דער שפּעטערדיקער תקופה האָט ווידער דער רעליגיעזער מאָמענט צוריקגעהאַלטן די אַנטוויקלונג פון קונסט בכלל און טעאַטער בפרט.

גראָד דער מאָמענט, וואָס האָט ביי די גריכן און אַנדערע פעלקער אַרויסגערופן צום לעבן דאָס טעאַטער, האָט ביי אונדז, יידן, געלייגט אויף אים אַ ריקציכטלאָזן טאַבו.

ווי מיר ווייסן שוין איז די הויפּט טעמאַטיק אינעם גריכישן טעאַטער באַשטאַנען פון קאַמף צווישן געטער, קאַמף צווישן מענטש און גאָט. און אָט דער מאָמענט טאַקע איז געווען לחלוטין פרעמד דער יידישער מענטאַליטעט.

דער יידישער גאָט איז געווען אַן אומבאַרירלעכער, אַן אומבאַשטרייטבאַ־רער באַגריף, וועמענס וועגן זענען גערעכט און אַלע גלוביקע דאַרפן זיך אים בלינ־דערהייט אונטערוואַרפן. אַלץ אויף דער וועלט איז געווען אָפּהענגיק פון גאָט און דער מענטש האָט געלעבט אין זיין זכות און מיט זיין ווילן, כדי אים צו פּרייזן און צו לויבן. יעדער טריט זיינער איז געמאַכט געוואָרן לויטן באַפעל פון גאָט: „גיי און טו". — „הער אויס און פאַרנעם". — און איך וועל זיין מיט דיר און וועל דיך בענטשן..." און אַזוי ווייטער און ווייטער.

אָן דעם חוט־השדרה פון דער טראַגעדיע, און דעם קאָנפליקט צווישן מענטש און איבערנאַטירלעכן, איז טעאַטער נישט געווען בנמצא.

שפּעטער ווידער, ווען דער העלעניזם האָט באַהערשט דעם מזרח און בעת דער רוימישער עקספּאַנסיע, זענען צוגעקומען אַנדערע מאָמענטן, וועגן וועלכע ס'וועט אונדז אויסקומען צו רעדן באַזונדער.

דערווייל לאָמיר באַטראַכטן דעם ערשטן און גרעסטן דאָקומענט פון אונ־דזער קולטור־געשיכטע — דעם תנ"ך און טאַקע אָנהויבן פון בראשית.

באַלד אינעם ערשטן קאַפּיטל ווערן מיר געוווויר וועגן מוזיקאַלישע און פּלאַסטישע קונסט, וואָס איז נישט געווען פרעמד שוין די ערשטע אייניקלעך פון אדם הראשון.

אָט וואָס מיר לייענען אין ספר בראשית (אין יהואשס איבערזעצונג) וועגן די ערשטע קינסטלער: „יובל, דער פאָטער פון אַלע וואָס האַלטן אַ האַרף און פלייט."

„תובל־קין, דער אויסשלייפער פון אַלערליי קופּער און אייזנגעציייג."

זעען מיר אין דעם אַלזאָ דעם ערשטן רמז אויף קונסט, נאָך איידער ס'זע־נען באַשאַפן געוואָרן פעלקער, שפּראַכן און לענדער.

ווען מיר פאַרטיפן זיך אין דער עפּישער זייט פון אָט דעם גרעסטן ווערק פונעם יידישן גייסט, בלייבן מיר ממש דערשטוינט פון דער רייכער פאַנטאַזיע, פון דער בילדערישקייט און פאַרשטעלונגס־קראַפט פון אונדזערע אבות.

די געשילדערטע געשעענישן זענען דורך און דורך טעאַטראַליש, די אַק־ציעס און דיאַלאָגן זענען אַפילו פאַר אונדזערע איצטיקע באַגריפן, וואָלט איך זאָגן, סצעניש.

אָט זעט ווי ס'ווערט באַשאַפן די וועלט... פון תוהו ובהו שיילט זיך אויס אַ לעבן... איין פאַרענדיקטע גאַנצקייט ווערט אָפּגעטיילט פון דער אַנדערער, ווי מיר זענען דאָס געוווינט צו זען אין טעאַטער אין פאָרם פון אַקטן.

איר האָט שטייגערונג אין דער האַנדלונג: צוערשט קומט דאָס סטאַטישע, זון, לבנה; דאַן ווערט באַשאַפן גראָז, פלאַנצן, בוימער, — ס'שאַפט זיך דער פאָן פאַר דער האַנדלונג.

דאָן קומען די אַנטיילנעמער: צוערשט די צווייטראַנגיקע, חיות, פייגל, פיש, — לסוף דער הויפּטאַנטיילנעמער אין דער גרויסער שפּיל — דער מענטש.

אַט זענען געענדיקט די 6 גרויסע אַקטן פון דעם בראשית און ס'קומט דער אַפּרו: — די שפּיל איז געענדיקט.

איר האָט אויך אַפילו אונדזערע היינטיקע ליכט־עפעקטן, דעם ויהי־ערב, ויהי־בוקר.

פאַרשטייט זיך, אַז אין דער דאָזיקער לעגענדע וועגן וועלט־באַשאַף קאָן מען נישט זוכן קיין רמז אויף טעאַטער, דאָקעגן וואַרפן זיך אין די אויגן עלעמענטן, וועלכע וואָלטן ביי געהעריקע באַדינגונגען זיך געקאָנט פאַרוואַנדלען אין ערשט־ראַנגיקן טעאַטער־שטאָף.

און נישט בלויז דער סיפור־המעשה, די האַנדלונג, נאָר אויך די שפּראַך, דער דיאַלאָג איז דורך און דורך טעאַטראַליש, פול מיט געהויבענעם פּאַטאָס און טיפער מענטשלעכקייט.

נישט בחינם האָט דער דאָזיקער מאַטעריאַל אַזוי געלאָקט די גרעסטע דיכ־טער און דראַמאַטיקער פון אַלע פעלקער און צייטן, ביז אונדזערע: גאָלדפאַדען, אַש, פּינסקי, לייוויק און אַנדערע.

אַט לאָמיר נעמען כראָנאָלאָגיש אַ רייע שטעלעס בלויז פון בראשית און מיר וועלן זיך איבערציינגן וויפל אוצרות פון טעאַטער־עלעמענטן זיי פאַרמאָגן.

די ערשטע טראַגעדיע אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט: ברודער־מאָרד.

דער אורשפּרונג פון אַ לאַנגער, טויזנט־יאָריקער, בלוטיקער קייט פון ברו־דערמאָרדן, וואָס איז ביי די ציוויליזירטע פעלקער באַקאַנט אונטערן נאָמען פון מלחמה, קאָנפליקט, קרייצצוגן, אינקוויזיציע, פּאָגראָמען, „פּאַציפיקאַציע”, אַקציע, נעטאָס און קאָנצענטראַציע־לאַגערן.

נאָכן אויספירן דעם מאָרד האָבן מיר דעם ערשטן מוסטער פון דראַמאַ־טישן דיאַלאָג. אַט ווי מיר לייענען אים אין ספר־בראשית:

גאָט:

וווּ איז דיין ברודער הבל?

קין:

איך ווייס נישט. בין איך דען דער שומר פון מיין ברודער?

גאָט:

וואָס האָסטו געטון? דאָס קול פון דיין ברודערס בלוט
שרייט צו מיר פון דער ערד. און אַצינד פאַרשאָלטן
זאָלסטו זיין פון דער ערד וואָס האָט אויפגעמאַכט

איר מויל צוצונעמען דיין ברודערס בלוט פון דיין האנט.
אז דו וועסט באארבעטן די ערד, זאל זי דיר מער נישט
געבן איר קראפט. נע־ונד זאלסטו זיין אויף דער ערד.

קין:

מיין שטראף איז צו גרויס אריבערצוטראגן. אט האסטו
מיך היינט פארטריבן פון דעם געזיכט פון לאנד,
און פון דיין פנים וועל איך זיין פארבארגן, און איך
וועל זיין נע־ונד אויף דער ערד... וועט זיין, ווער־נאר
עס טרעפט מיך וועט מיך דערהרגענען...

גאט:

דרום ווער־נאר עס הרגעט קין'ען זאל זיבן־פאך
גענומען ווערן נקמה פון אים . . .
(און גאט האט געמאכט קין'ען א צייכן, אז קיינער וואס טרעפט אים, זאל
אים נישט דערשלאגן....)

סיי דער סיפור־המעשה, סיי דער עצם דיאלאג איז דורכגעדרונגען מיט פאטאס און טיפן טראגיזם און מיר געפינען ענלעכן שטאף ברייט פונאנדערגע־זוארפן איבער אלע פינף ספרים פון דער תורה.

וויפל טעאטראלישקייט האט אין זיך די לעגענדע פון מבול, דאס שאפן פון דער תיבה, דאס ארויסלאזן פון דער טויב און איר אומקערן זיך מיטן אייל־בירטבלאט, דעם סימבאל פון מחילה, דעם אנזאג פון א נייע לעבן.

דער דיאלאג צווישן אברהמען און גאט וועגן דער מעגלעכקייט אפצורא־טעווען סדום פון אונטערגאנג. דאס דערשיינען פון די פארשטעלטע מלאכים, דאס רעאגירן פון די סדום־איינוווינער און דער אומקום פון דער שטאט.

שרהס אייפערזוכט צו הגר. דאס פארטרייבן פון הגרן מיט איר קינד. אירע טראגישע איבערלעבונגען אין מדבר.

דאס אויספרווון אברהמען מיטן פירן יצחקן צו דער עקידה.

דאס פארשטעלן זיך פון יעקבן, כדי אפצונארן יצחקן און ארויסצוקריגן פון אים די בכורה; דער: „הקול קול יעקב, והידים ידי עשו..."

יעקבס חלום.

יעקב און לבן מיט זיינע טעכטער.

די לעבנסגעשיכטע פון יוספן, זיינע חלומות, זיינע ברידער, זיין קומען קיין מצרים, זיין באגעגעניש אין תפיסה מיטן שר־האופים און שר־המשקים. דאס קומען צו פרעהן. זיין אנטקעגנשטעלן זיך דער רייצנדיקער פאטיפאר...

אָט זענען אייניקע געציילטע ביישפּילן פון דער שפּע דראַמאַטישן שטאָף, וואָס געפינט זיך בלויז אין איין ספר בראשית.

נישט דאָ איז דאָס אָרט אויסצורעכענען די אומדערשעפּלעכע אוצרות, מיט וועלכע עס זענען איבערפולט די איבעריקע ספרים. דאָס איז אַן אומגעהויער־רייכער מאַטעריאַל פאַר אַ ספּעציעלער פאָרשונגס־אַרבעט און זי וועט נאָך בלי־ספק געמאַכט ווערן.

מיר האָבן נאָך געוואָלט אונטערשטרייכן, אַז הגם דאָס יידישע פאָלק האָט אין זיינע ערשטע אַנטוויקלונגס־עטאַפּן קיין אייגן טעאַטער נישט געשאַפן, האָט עס אָבער געגעבן אַן אַ שיעור דראַמאַטורגישן שטאָף, אַזוי גערופענע ביבלישע טעמאַטיק, פאַר די באַדייטנדיקסטע פּאָעטן און דראַמאַטיקער פון אַלע צייטן.

נאָך אין די צייטן פון העלעניזם האָט זיך שוין געפונען אַ דראַמאַטיקער, וואָס האָט געשאַפן אַ ביבלישע דראַמע אונטערן נאָמען: „יציאת מצרים" און גענומען זיך אַלס מוכטער די טראַגעדיעס פון עאוריפּידעס. דאָס איז געווען דער יידישער העלעניסט עזעקיעלאָס, וועלכער האָט געזוכט אין דער גריכישער שפּראַך זיך אויסצולעבן אַלס דראַמאַטיקער.

פון דער דאָזיקער ביבלישער דראַמע זענען נאָך אַגב פאַרבליבן אייניקע פראַגמענט, וואָס זענען געוואָרן אַדאַפּטירט דורך שפּעטערדיקע דיכטער. דער דייטש־יידישער פילאָ־לעקסיקאָן גיט אַן אַ רשימה פון 64 באַרימטע טעאַטער־שטיק אויף ביבלישע טעמעס. די רשימה איז אָבער ווייט נישט קיין פאַרענדיקטע.

פאַראַן פאָרשער וועלכע זוכן שפּורן פון טעאַטער־קונסט אין פאַרשידענע עטאַפּן פון דער יידישער געשיכטע, אָדער אין געוויסע פּאָעטישע ווערק, ווי למשל, אין „שיר־השירים", אָדער „איוב".

פאַראַן אַזעלכע וואָס ווילן צושרייבן די נביאים די ראָלע פון דראַמאַטיקער און אַקטיאָרן גלייכצייטיק — ווי ס'איז געווען דער פאַל אינעם גריכישן טעאַטער.

אמת טאַקע די נביאות פון ישעיה, ירמיה, יחזקאל פאַרמאָגן אין זיך געהויבענעם טראַגישן פּאַטאָס און אומגעהויערן סוגעסטיוון כח, דאָך זענען די השערות וועגן אַ וועלכער ס'איז טעאַטער־מיסיע פון די נביאים לחלוטין אומבאַגרינדעט.

# פאַרבאָט פון טעאַטער ביי יידן

טעאַטער איז ביי אונדזערע אבות געווען שטרענג פאַרבאָטן.

וועלכע זענען געווען די מאָטיוון פון דעם פאַרבאָט ?

וועגן דעם הויפּט־מאָטיוו, דאָס הייסט, וועגן רעליגיעזן, אָדער, פון יידישן שטאַנדפּונקט, אַנטי־רעליגיעזן מאָמענט אין דער גריכישער דראַמע, וואָס האָט נישט דערלאָזט איר אַנטוויקלונג ביי יידן — איז אונדז שוין אויסגעקומען צו דערמאָנען.

די בייזע קללה פון תלמוד: „פאַרשאָלטן זאָלן זיין די יעניקע וואָס באַזוכן טעאַטערס און צירקן און פאַרשוועכן אונדזערע דינים", האָט אָנגעוואָרפן אַ מורא אויפן פאָלק און געהאַלטן אים ווייט פון די ערטער פון עבודה־זרה.

ס'איז אפשר נישט געווען אָן אַ כיוון די גאַנצע טעאַטראַלישקייט פונעם גאָטעס־דינסט אין בית־המקדש, דער מיכטעריעזער צערעמאָניאַל פון דעם הויפּט־אָנטיילנעמער, דעם כהן־גדול אין דער באַגלייטונג פון כהנים און לויים; ס'איז נישט אויסגעשלאָסן, אַז אָט דער גאַנצער פּראַכט פון פייערלעכער דערהויבנקייט, צו וועלכער מען פלעגט עולה־רגל זיין פונעם גאַנצן לאַנד, איז געווען אויסגערעכנט אויף צוציען די יידישע מאַסן צו רעליגיע און אָפּווענדן זייער אויפמערקזאַמקייט פון די אָלימפּישע שפּילן און טעאַטער־פעסטיוואַלן.

אָט וואָס עס זאָגט דער תנא חנניה אין דער גמרא ברכות: „איך דאַנק דיר, ד' אלהי ואלהי אבותי, וואָס האָסט מיר באַשערט געמאַכט צו זיצן אין בית מדרש און אין די געבעט הייזער און נישט אין די טעאַטערס און צירקן."

ס'איז מעגלעך, אַז ווען די גריכישע דראַמע וואָלט אַריינגעדרונגען קיין ארץ ישראל אין איר ערשטן בלי־פּעריאָד, ווען אין איר שפּיץ זענען געשטאַנען אַזעלכע גאונים ווי עסקילאָס, סאָפאָקלעס און עאוריפּידעס, וואָלט זי נישט אָנגע־טראָפן אויף אַזאַ שטאַרקער אָפּאָזיציע מצד די גייסטיקע פירער ביי יידן.

די גריכישע קולטור האָט אָבער אָנגעהויבן אַריינצודרינגען קיין ארץ־ישראל, ווען אין איר טעאַטער האָט זיך שוין אָנגעהויבן אַ דעקאַדענץ. פּאָרנאָ־גראַפיע און זנות האָט פאַרביטן דאָס געלייטערטע וואָרט פון די דריי גרויסע דיכטער און דאָס טאַקע האָט אין אַ גרויסער מאָס גורם געווען דעם ריקזיכטלאָזן פאַרבאָט צו באַזוכן די דאָזיקע „אומריינע" ערטער.

אין די צייטן פון בית־שני, ווען די רעליגיעזע השפּעה ביי יידן האָט אָנגעהויבן צו פאַרלירן איר אַמאָליקן כוח, ווען דער העלעניזם האָט באַוויזן צו באַאיינפלוסן אַ געוויסע טייל פון דער יוגנט און ספּעציעל די מיליטערישע און

רעגירונגס־קרייזן, באַווייזן זיך אין ארץ־ישראל די ערשטע שפּורן פון טעאַטער־קונסט.

יאָסיפוס פלאַוויוס דערמאָנט אין זיינע „יידישע מלחמות" ווי אַזוי קעניג הורדוס פלעגט איינאָרדענען אַלע פינף יאָר טעאַטער־פעסטיוואַלס אין דער שטאָט צעזאַרעאַ, כדי צו הייליקן דעם נאָמען פון צעזאַר. ער פלעגט אויך סובסידירן ענלעכע פעסטיוואַלס אין גריכנלאַנד און רוים, כדי די דאָזיקע וויכטיקע ירושה פונעם אַלטן גריכנלאַנד זאָל נישט גיין לאיבוד.

מיר זעען אַלזאָ אין אים דעם ערשטן יידישן מעצענאַט, — אַ בכבודיקע און דערהויבענע מיסיע, אין וועלכער יידן האָבן זיך אַזוי אין אַלע צייטן און לענדער אויסגעצייכנט.

צום באַדויערן קאָן דאָס זעלבע נישט געזאָגט ווערן וועגן זייער אָנטייל אין ענלעכע קולטור־אינסטיטוציעס ביי יידן.

דער מין מעצענאַט איז אין אונדזער יידישן טעאַטער כמעט נישט בנמצא.



לויט די פאָרשונגען פון ד"ר שיפּער, זענען פאַראַן באַווייזן, אַז אין יענער העלעניסטישער תקופה האָבן יידן זיך אינטערעסירט מיט טעאַטער נישט בלויז אַלס פּאַסיווע צושויער, נאָר זיי האָבן אויך גענומען אין אים אַן אַקטיוון אָנטייל סיי אַלס מחברים, סיי אַלס אַקטיאָרן.

דער רוימישער היסטאָריקער טאַציטוס דערמאָנט אין זיין בוך „אַננאַלעס" אַ יידישן אַקטיאָר אַליטיראָס, וואָס איז אַפילו געוואָרן דער ליבלינג פון נעראָן דעם קייזער.

וועגן דעם יידישן דיכטער עזעקיעלאָס, וועלכער האָט געשריבן אויף ביבלישע טעמעס אין גריכיש, האָבן מיר שוין דערמאָנט. צי די דראַמעס זיינע זענען אויך איבערזעצט און געשפּילט געוואָרן אין העברעאיש איז נישט באַוווסט, זיכער איז אָבער, אַז אַ סך יידישע יוגנט, וואָס איז געווען באַאיינפלוסט פון דער גריכישער און רוימישער קולטור, האָט בייגעוווינט זיינע פאָרשטעלונגען.

דער פאַרבאָט אויף טעאַטער איז אָבער געווען נישט בלויז צוליב רעליגיעזע טעמים. צוגלייך מיטן טעאַטער פון גריכישער דראַמע האָט זיך אויך באַוויזן אין ארץ־ישראל דער אַמפי־טעאַטער מיט זיינע ווילדע גלאַדיאַטאָרן־פאַרמעסטן, וואָס האָבן געוועקט און גערייצט די נידעריקסטע חיהשע אינסטינקטן ביי די צושויער.

די דאָזיקע באַרבאַרישע פאַרווייַלונגען האָבן עובר געווען און פאַרשוועכט

דעם וויכטיקסטן געבאָט, אויף וועלכן ס'איז געבויט די יידישע מאָראַל, דעם „לא תרצח".

אויך האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין דעם פאַרבאָט דער נאַציאָנאַל־פּאַטריאָטישער מאָמענט. אַזוי אַרום האָבן אונדזערע תנאים און אמוראים געוואָלט אָפּציען די יוגנט פון דער גריכישער און רוימישער קולטור, וועלכע האָט זיי נאָך אין הורדוסעס צייטן באַוויזן צו פאַרכאַפּן און צו דערווייטערן פון דער אייגענער קולטור.

איז קלאָר פאַרוואָס ס'איז אויף אַזאַ קאַטעגאָרישן און קאָמפּראָמיסלאָזן אופן פאַרווערט געוואָרן צו באַזוכן די „בתי תיאטראות" און „קרקסאות"; ווערט קלאָר די פאַלגנדיקע תפילה אין תלמוד ירושלמי: „געלויבט ביסטו גאָט, וואָס האָסט באַשטימט מיין אָרט אין בית־מדרש צווישן די לומדי תורה און נישט צווישן די באַזוכער פון די טעאַטערס און צירקן, ווייל די תורה־לערנער וועלן באַקומען זייער שכר אין גן־עדן, דאַקעגן די טעאַטער־גייער אַרבעטן פאַר זייער אייגענעם אונטערגאַנג."

דער פאַרבאָט צו באַזוכן טעאַטער ביי יידן איז אַלזאָ אַנטשטאַנען צוליב רעליגיעזע, פּאַטריאָטישע און טיף הומאַניטאַרע טעמים און איז ווי אַן עלפּטער געבאָט אַריינגעדרונגען אין דער פאָלקס־מענטאַליטעט און געוואָרן אירם אַ באַשטאַנדטייל, מיטמאַכנדיק אַלע עטאַפּן און וואַנדערונגען פון יידישן פאָלק, ביז צו זיין מאָדערנער געשיכטע.

דעם זעלבן פאַרבאָט קעגן טעאַטער האָבן אין דער צייט פון די תנאים אויך אַרויסגעגעבן די פירער פון דער קריסטלעכער קירך, וועלכע האָבן אין די רוימישע צירקן געזען דעם פאַרביסנסטן שונא פון דער יונגער קריסטלעכער רעליגיע.

פון יענער צייט אָן הויבט זיך אָן אַ פולשטענדיקער אונטערגאַנג פונעם טעאַטער, וועלכער האַלט אָן קנאַפּע 1000 יאָר.

דאָס טעאַטער, וואָס איז אַלזאָ געבויט געוואָרן אין דינסט פון רעליגיע, איז מיטן אַנטשטיין פון קריסטנטום געוואָרן באַקעמפט און פאַרטיליקט פון דער נייער רעליגיע.

ביי יידן האָבן אויך דערצו גורם געווען אין אַ גרויסער מאָס די אומ־נאָרמאַלע לעבנסבאַדינגונגען, די אָפּגעריסנקייט פונעם אייגענעם באָדן, דאָס כסדר־דיקע צונויפקומען זיך מיט פרעמדע קולטורן און זייערע השפעות.

מיט דער צייט האָט זיך דער דאָזיקער פאַרבאָט ביי יידן פאַרוואַנדלט אין טראַדיציע, בעת ביי די קריסטן האָט ער אין איינציקע יאָרהונדערטער אַרום

נישט נאָר פאַרלוירן זיין קראַפט, נאָר, פאַרקערט, געוואָרן פאַרוואַנדלט אין אַ ווערקצייג פון דער זעלבער קירך.

די ערשטע טעאַטער־פאָרשטעלונגען, וואָס האָבן זיך באַוויזן אין די מערב־אייראָפּעאישע לענדער אין פריען מיטלאַלטער אונטערן נאָמען פון „מיסטעריעס", זענען געווען איינגעאָרדנט דורך דער קירך.

די טעמאַטיק פאַר אַט די מיסטעריעס איז גענומען געוואָרן פונעם תנ"ך, דעם אַזוי גערופענעם אַלטן טעסטאַמענט, ווי אויך פונעם נייעם.

די אויפפירונגען פונעם לעבן און מאַרטיראָלאָגיע פון ישו־הנוצרי האָט לכתחילה געהאַט פאַר אַ ציל צו באַפעסטיקן די יונגע קריסטן אין זייער רעליגיע און אָפּרייסן זיי פון געצנדינערײַ.

וועלנדיק צוציען די גלויביקע, האָט די קירך קיין אַנדער ברירה נישט



די בינע פון אַ מיטלאַלטער טעאַטער (14טער יאָרהונדערט)

געהאַט, ווי פאַרנאַרן זיי אַהין מיט דער הילף פון טעאַטער־פאָרשטעלונגען, וועלכע זענען ביי די מאַסן געווען מער פּאָפּולער ווי די גאָט־דינסטן.

אַזוי אַרום האָט די קירך אָנגעהויבן צו באַקעמפן דעם „טייוול", ווי זיי האָבן גערופן דאָס טעאַטער, מיטן זעלבן טייוול, נאָר אַנדערש געשלייערט.

די דאָזיקע טעאַטער־שפּילן האָבן זיך אָבער שנעל פאַרוואַנדלט אין פאַר־

שפּרייטער פון האַס צו אַלץ, וואָס נישט קריסטלעך און קודם־כּל צו יידן, וואָס האָבן אינגיכן אויף דער אייגענער הויט דערפילט די רעזולטאַטן פון דער דאָזיקער „דערציערישער” אינסטיטוציע.

ס'איז קלאָר, אַז אַ דאַנק דעם איז די פאַרביטערונג און האַס צום טעאַטער נאָך מער געשטיגן ביי די יידישע מאַסן, וועלכע האָבן אין דעם געזען אַן אָפּענעם שונא און באַקעמפער פונעם יידישן פאָלק.

* * *



בילד פון אַ טעאַטער־שפּיל אין מיטלאַלטער

אין צענטן יאָרהונדערט האָט דאָס טעאַטער אין אייראָפּע פּאַקטיש באַנייט זיין עקזיסטענץ אונטער דער אַפּיטראָפּסות פון דער קירך. די דאָזיקע קירכן־שפּילן האָבן זיך אין פראַנקרייך גערופן — מיסטעריעס; אין איטאַליע — סאַקריס רע־פּרעזענטאַציאָני; אין ענגלאַנד — מיראַקל־פּלייז; אין דייטשלאַנד — גייסט־שפּילע.

לכתחילה פלעגן די שפּילן פאָרקומען אין דער לאַטייניש[ע]ר שפּראַך, ערשט אין די שפּעטערדיקע יאָרהונדערטער זענען זיי איבערגעזעצט געוואָרן אין די לאַנד־שפּראַכן.

די ערשטע באַקאַנטע מיסטעריע דאַטירט זיך פון 12טן יאָרהונדערט און רופט זיך „די אָדם־שפּיל".

דאָס איז געווען די ערשטע גוט צוגעגרייטע און, אַזוי צו זאָגן, פּראָפע־סיאָנעלע פאָרשטעלונג מיט אַן הקדמה, אַ מין פּראָלאָג, אין וועלכן ס'ווערט אַפּע־לירט צו די אַקטיאָרן דייטלעך אַרויסצורעדן אַלע אותיות און נישט אַראָפּצונע־מען און נישט צוצולייגן קיין ווערטער צום טעקסט...

אָט אַפּנים די דאָזיקע שוואַכקייט איז אַ כראָנישע ביים טעאַטער, גייט איבער פון דור צו דור און ביז היינט צו טאָג קומט אויס נישט איין רעזשיסער צו ראַנגלען זיך מיט איר . . .

איצט, ווען אונדז איז שוין באַקאַנט די אַנטשטייאונג און די ערשטע אַנטוויקלונגס־עטאַפּן פון טעאַטער בכלל, וועלן מיר דערמאָנען בלויז די עפּאָכע־מאַכנדיקע מאָמענטן פונעם אייראָפּעאישן טעאַטער, דאַקעגן די גאַנצע אויפמערק־זאַמקייט וועלן מיר שענקען די פאַרשידענע תקופות פונעם יידישן טעאַטער, זיין אויפבלי־פּעריאָד, זיין חורבן און זיינע נאָכמלחמהדיקע פּראָבלעמען.

## יום־טובים און טעאַטער ביי יידן

די יום־טובים זענען תמיד געווען ביי יידן אַ קוואַל פון פרייד און פאַר־געסנקייט.

אין דער צייט פון פינצטערן מיטלאַלטער, ווען דאָס יידישע לעבן איז געוואָרן אומדערטרעגלעך; ווען אויף יעדן טריט און שריט האָט געלויערט סכנה סיי מצד דער קירך, סיי מצד די וועלטלעכע מאַכטהאָבער; ווען — אין בעסטן פאַל — איז מען אָפּגעקומען מיט דערנידערונג, אָדער זעלטענער, מיט גרויסמוטיקער טאָלעראַנץ, האָט זיך דער ייד נאָך מער געגנויטיקט אין אַ מין לופט־פּויזע, אין כאַפּן דעם אָטעם אין זיינע צרות, אין אַ חיי־שעה, אין אַ טאָג פון פאַרגעסנקייט.

און דעריבער, ווען אַזאַ געלעגנהייט האָט זיך געמאַכט, האָט ער זי אויס־

גענוצט אין איר גאנצן פארנעם, ארויסציענדיק פון איר דעם מאקסימום פרייד פאר זיין צעוויטיקטן געמיט.

האט דער ייד טאקע געזוכט א וועלכע ס'איז נישט איז פארגיטיקונג פאר זיין דערנידעריקונג און שפלות, וואס זאל אים הויבן זיין געמיט, שטארקן זיין ווידערשטאנדס־כח און — האט אים דאס די ווירקלעכקייט נישט געקאנט געבן, — האט ער זי גענומען ביי דער פארגאנגענהייט, ביי דער געשיכטע.

דעריבער טאקע האבן א ספעציעלע חשיבות געהאט די יום־טובים פון: חנוכה און פורים, די יום־טובים וואס זענען געווען פארבונדן מיט נסים: ס'הייסט




געטא אין פראנקפורט אם מיין, 1628

לא אלמן ישראל, מען דארף נישט פארצווייפלען, מען דארף נישט פארלירן דעם בטחון: אין דער שעה פון דער גרעסטער סכנה, ווען אלץ ווייזט אויס צו זיין האפענונגסלאז, קומט דער נס פון עם ישראל חי. און נישט בלויז מיר בלייבן לעבן, נאר, פארקערט, דער גורל פארגיטיקט אונדז פאר דער אומגערעכטיקייט וואס איז אונדז געטון געווארן און די שולדיקע ווערן אויף א געהעריקן אופן באשטראפט.

אָט די דאָזיקע „מאַראַלישע פאַרגיטיקונג", האָבן מיט אַ ברייטער האַנט צוגעטיילט די יום־טובים: חנוכה און פּורים. איבערהויפּט פּורים.

און דער יום־טוב איז טאַקע געוואָרן דער פריילעכסטער, דער הפקרדיקסטער ביים יידישן פאָלק. עס ווערט דאַן פאַרשוווּנדן יעדע געצוימטקייט, יעדע דערהויבענע חשיבות, וואָס איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר יידישע יום־טובים, — גלייך ווי אין אָט דער חיי־שעה וואָלט דאָס פאָלק געוואָלט זיך אָפּנעמען פאַר אַלע קריוודעס און פורעניות פון אַ גאַנץ גייענדיק יאָר. לכל־הפּחות פאַרגעסן זיך, פילן זיך כאָטש איין מאָל אין יאָר תּקיף, נישט באַדראָט, נישט באַליידיקט, נישט דערנידעריקט.

דער יום־טוב פּורים האָט נאָך געהאַט די גרויסע פּריווילעגיע, וואָס די רבנים האָבן נישט געמאַכט קיין שום באַגרענעצונגען אָדער קאָנטראָל איבערן אופן פון פּראַוועןן אים. פאַרקערט, שוין אין תּלמוד ווערט דערמאָנט, אַז פּורים איז אַ מצוה זיך פריילעך צו מאַכן... מען דאַרף דעם טאָג אַזוי פיל טרינקען, מ'זאָל נישט וויסן דעם חילוק פון „ארור המן" ביז „ברוך מרדכי".

דערמאָנט איר אייך דעם טאָג אין דער אַלטער היים? אַ וואָכעדיקער יום־טוב: מען מעג פאָרן, אַרבעטן, האַנדלען און דאָך... אַזאַ יום־טובדיקייט אין דער לופטן.

קאַרנאַוואַל־שטימונג. ס'לויפן איבער די גאַסן „פאַרשטעלטע"... ביי טייל „מאַשגאַרן" אויף די פּנימער, ביי טייל פאַרשמירט די באַקן מיט קאָלירט פּאַפּיר... אויף די קעפּ אַ קרוין, אויסגעשניטן פון באַגילדעטן פּאַפּיר, אַ קאַסקע פון פייערלעשער, אָדער פון אַ סאָלדאַט, אַ שטריימל, אַ שייטל פון אַ יידענע . . .

מלבושים? — וואָס איר ווילט! — וואָס ס'איז געקומען אונטער דער האַנט: אַן איבערגעדרייטע קאַפּאָטע, אַ קאָלירט טישטעך, אַ מונדיר פון אַ גאָראָדאָוואָי, אַ ווייבעריש העמד . . .

און אָט פּראַלט זיך אויף די טיר, ס'פאַלט אַריין די פריילעכע כאַליאַסטרע און מען גיט אַ שלינג אַראָפּ אין איין אָטעם :

א גוטן פּורים — מלאך,
ווי איך גיי פאַל־אָך,
די באָרד איז מאָ לאַנג,
ס'ווייב איז מאָ קראַנק,
נעמט דער טאַטע אַ פּיַאַ־טאָפּ
מאַכט דער מאַמען אַ לאָך אין קאָפּ,
זאָגן די קינדערלעך: אוי־אוי־אוי,
זאָגט דער טאַטע: גוט אַזוי.

און אז ס'איז אַ רייכער טיש, ווערט נאָך צוגעגעבן אַ סצענקע פון אחשורוש־שפּיל, ווייל פאַר אַ קלענערן פּדיון איז אַ שאָד צייט, ס'ווארטן דאָך נאָך יידישע הייזער אין שטאָט... חוץ דעם איז דאָך די קאָנקורענץ אַזוי גרויס, — ווו אַ יידיש הויז, דאָרט פאַרשטעלטע... דאַרף מען זיך איילן אויסצוכאַפּן דעם פּדיון, ווייל פּורים איז נאָר איינמאָל אין יאָר, — מאָרגן איז אויס . . .

און אָט בעטן זיך טאַקע אונדזערע פּורים־שפּילער :

„האַנט איז פּורים, מאָרגן איז אָס,
גיטס מאָ אַ גראָשן און וואַרפּט מאָך אַראָס."

און לויפן ווייטער פון הויז צו הויז, ביז אין דער שפּעטער נאַכט, טראָגן פרייד און געלעכטער, לצנות און פאַרגעסנקייט פאַר די צעוויטיקטע, פאַרדאַגהטע געמיטער.

ווייסט איר, אַז אָט די דאָזיקע פריילעכע, פּרימיטיווע און אָפטמאָל געשמאַקלאָזע פאַרוויילונגען זענען געווען אַן איבערבלייב פון אַן אייגנאַרטיקער טעאַטער־קונסט וואָס איז געווען איינגעוואקסן אין יידישן לעבן אין משך פון יאָרהונדערטער און וועגן איר איז געשאַפן געוואָרן אַ באַדייטנדע ליטעראַטור און געשיכטע?

זענען מיר דאָך געווינט צו טראַכטן, אַז דאָס יידישע טעאַטער איז אַ קינד פון די לעצטע 70 - 80 יאָר און איז געבונדן מיט גאָלדפאַדען, גאָרדין, קאָברין,



דער יידישער וואַנדער־זינגער זיסקינד פון טרימבערג און אַ קלויסטער־האַר (13טער יאָרהונדערט)

פּינסקי, הירשביין, אש און אַנדערע מיטצייטלער אונדזערע.

און אָט קומען פאָרשער און געפינען דעם אורשפּרונג פון אונדזער טעאַטער אין דער טיפער פאַרגאַנגענהייט.

און אָט קומט אַרויס דער ניו־יאָרקער טעאַ־טער־קריטיקער ב. גאָרין מיט אַ געשיכטע פון יידישן טעאַטער, וואָס איז פאַרזען מיט אַן אונטערקעפּל:

„צוויי טויזנט יאָר טעאַטער ביי יידן״ . . .

און אָט קומט אַרויס דער היסטאָריקער ד״ר שיפּער מיט זיין מאָנומענטאַלער „געשיכטע פון יידי־שער טעאַטער־קונסט און דראַמע פון די עלטסטע צייטן ביזן יאָר 1750״.

ד״ר שיפּער

דערביי באַמערקט ד״ר שיפּער אין דער הקדמה פאָלגנדיקס:

„דער סוף־פּונקט פון אונדזערע פאָרשונגען (ד. ה. דאָס יאָר 1750—ז. ט.) איז נישט קיין צופעליקייט. ביז אַן ערך דער מיט פון 18טן יאָרהונדערט האָט געבליט די אַנאָנימע יידישע פאָלקס־דראַמע און דאָס אמתע יידישע פאָלקס־טעאַטער. אויבן־אָן שטייט די דיכטונג; ווייט אין הינטערגרונט — דער דיכטער.

מיט דער צווייטער העלפט פון 18טן יאָרהונדערט, ווען די עמאַנציפּאַציע הויבט אָן אויפצורודערן אַלץ ברייטערע יידישע פאָלקס־שיכטן, ענדערט זיך גרינטלעך דער כאַראַקטער סיי פון דער יידישער דראַמע, סיי פון דעם טעאַ־טער. דער דראַמאַטישער דיכטער שטעלט זיך אין פאָדערגרונט און די דיכטונג הערט אויף צו זיין אַנאָנים. דאָס טעאַטער הערט אויף צו זיין אַ דערגענצונג צו דער שיל אָדער שולע, עס ווערט דער שפּיגל פון נייע יידישע מענטשן, וואָס דערווייטערן זיך אַלץ מער פונעם אַלטפרענקישן, פרומען יידישן לעבן״.

אין אַ פריערדיקן שמועס האָבן מיר באַרירט די קינדעריאָרן פון טעאַטער ביי יידן, פּאַראַלעל צו דער אַנטוויקלונג פונעם אייראָפּעאישן טעאַטער און מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט ביי די מיטלאַלטערלעכע מיסטעריע־שפּילן.

לאָמיר זיך אַלזאָ אומקערן צו יענע צייטן און נאָכפאָלגן די שפּורן פון אונדזערע פּורים־שפּילן, וועלכע האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט די ערשטע עטאַפּן פון אָרגאַניזירטן, ציל־באַוווּסטן יידישן טעאַטער.

* * *

אינטערעסאַנט איז די מיינונג פונעם טעאַטער־קריטיקער וו. ל. וואָלפראָד וועגן דעם תוך און ווערט פון טעאַטער:

„טעאַטער איז: אַזיל, אַ מקום מקלט פאַר אַלע, וואָס זענען אַנט־לאָפן פון זייער היים, כדי זיך פון דאָסניי אויפצוזוכן און צוריק־צוברענגען אין דער היים. און פאַקטיש: אין דער אַטמאָספערע פון טעאַטער שאַפט זיך אַ גייסטיקער קאָלעקטיוו פון יחידים, וואָס שטרעבן צו אַ העכערן באַוווסטזיין. פון דער כאַאָטישער מאַסע יחידים, וואָס געפינען זיך ביי אַ טעאַטער־פאָרשטעלונג, ווערט אַ דאַנק דער בינע־קונסט געשאַפן אַ גאַנצקייט, אַ קאָלעקטיוו, וואָס איז אָרגאַניש פאַרבונדן מיט דינע פעדעם פון בשותפותדיקע איבער־לעבונגען — עס ווערט געשאַפן דער קאָלעקטיוו — דאָס פובליקום".

אין אָט דער דעפיניציע פון סאָציאַל־פּסיכאָלאָגישן יסוד פונעם טעאַטער ליגט אפשר דער בולטסטער ענטפער, פאַרוואָס די דאָזיקע אינסטיטוציע איז געווען אַזוי אויסערגעוויינלעך גויטיק ספּעציעל פאַר אונדז יידן.

צעוואָרפן צווישן פאַרשידענע קולטורן, באַנוצנדיק כלערליי לשונות, באַאייג־פלוסט פון פרעמדע מנהגים, האָבן די יידישע מאַסן געמוזט האָבן אָט דעם דאָזיקן מקום־מקלט, וואָס זאָל זיי פאַראייניקן, שאַפן דעם גייסטיקן קאָלעקטיוו און געפינען זייער געמיינזאַמען אויסדרוק.

כל זמן אָבער דאָס טעאַטער איז געווען אַ ווערקצייג ביי דער קירכע, איז פאַרשטענדלעך דער פאַרבאָט און דער האַס צו אים ביי די פאַרשפּאַרטע יידן אין די געטאָס. האָבן זיי זיך אַלזאָ דעם דאָזיקן אַזיל געשאַפן אויף אַן אייגנאַרטיקן אופן: מען האָט דאָס פאַרבונדן מיט פאַרשידענע אַלטע מנהגים, מיט געלעגנהייטן פון חתונה, בר־מצווה און אַנדערע פאַמיליע און רעליגיעזע יום־טובים.

עס האָט זיך באַוויזן אַ נייער פאַרוויילונגס־עלעמענט אינעם יידישן לעבן: לצים, בדחנים, נאַרן, מיט אַ נייעם זשאַנר לידער, קאָמישע דיאַלאָגן, וויצן, סתם לצנות.

די דאָזיקע ליטעראַטור שבעל־פּה גייט איבער פון מויל צו מויל און ווערט דאָס אייגנטום פון פאָלק, ס'פאַרוואַנדלט זיך אין פאָלקלאָר.

אויף אַזעלכע געלעגנהייטס־יום־טובים פלעגט מען זיך „פאַרשטעלן", איבער טון זיך אין קליידער פון צווייטן מין; מען פלעגט אימפּראָוויזירן לוסטיקע פּאַראָדיעס און דערביי פלעגן ערנסטע ביבלישע טעמעס פאַרוואַנדלט ווערן אין לוסטיקע, אָפט־מאָל געפעפערטע שאַרזשן; אַ חופּה־וקידושין טעקסט פלעגט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ צווייזייטיק לידל; הייליקע ברכות פלעגן אויף אַ קאָמישן אופן פאַרגרייזט ווערן.

ערנסטקייט האָט מען געהאַט איבערגענוג אין שיל, אין בית־מדרש, אין דער ישיבה. דאָרט איז געווען דאָס אָרט פאַרן קאָלעקטיוון זיפץ, פאַרן חשבון־הנפש, פאַרן אייביקן פאַראַנטוואָרטלעכקייטס־געפיל און ענדלאָזע חשבונות, שכר־ועונש, וואָס האָט געדריקט די יידישע מאַסן. האָט זיך געבענקט נאָכן ביסל לצנות, נאָכן שמייכל אויף די שטענדיקע דערשראָקענע און פאַרדאגהטע פּנימער.

כדי ארויסצורופן אַזאַ קאָלעקטיוון שמייכל, האָט מען זיך געמוזט באַניצן מיט דראַסטישע מיטלען, וואָס וואָלטן ביי אַן אַנדער געלעגנהייט פון אַ גאַנץ יאָר אַרויסגערופן בייגעשמאַק, פּראָטעסט און אפילו חרם.

אין דער חיי־שעה אָבער, וואָס איז געווידמעט דעם שמייכל, זענען אַלע מיטלען כשר, אַבי זיי באַרעכטיקן דעם צוועק.

ס׳איז געווען דער טאָג פון „נאַריש־מאַכן" זיך. ביי די גוים רופט זיך עס קאַרנאַוואַל, ביי אונדז, פאָלקסטימלעך־באַשיידן: נאַריש געמאַכט זיך... האָבן טאַקע די הויפּט מחותנים אין דעם נאַריש מאַכן זיך, די הויפּטפאַרווײַלער, די שפּילער, זיך גערופן פּשוט „נאַרן".

## רענעסאַנס־תקופה — קאָמעדיאַ דעל אַרטע

און אָט קומט דאָס 15טע יאָרהונדערט. עס הייבט זיך אָן די רענעסאַנס־תקופה אין אייראָפּע.



דער ערשטער סטאַבילער טעאַטער־בנין. דאָס אָלימפּיק־טעאַטער אין וויסענז (1584)



רענעסאנס־טעאטער אונטערן פרייען הימל

אַט די באַוועגונג איז געוואָרן צוגעגרייט פון איטאַליענישע הומאַניסטן און האָט זיך שנעל פאַרשפּרייט איבער גאַנץ אייראָפּע.

די דאָזיקע גאָלדענע תּקופה האָט געגעבן דער מענטשהייט אַזעלכע גאונים ווי מיקעלאַנדזשעלאָ, לעאָנאַרדאָ דאַ ווינטשי, ראַפאַעל.

ס'ווערן אַנטדעקט נייע קאָנטינענטן, ס'ווערט דערפונדן די דרוק־מאַשין, דער קאָמפּאַס, פּולווער.

אין דייטשלאַנד באַווייזט זיך לוטער, וואָס טרעט אַרויס אין אַן אַנטשיידענעם קאַמף קעגן דער רוימישער קירך.

דאַנס זאַקס רייסט נישט נאָר אָפּ דאָס טעאַטער פון דער קירך, נאָר פאַרקערט, מאַכט עס פאַר אַ קאַמף־טריבונע קעגן דער זעלבער.

עס קומען אויך פאָר אויפטרייסלענדיקע געשעענישן אינעם יידישן לעבן, די וויכטיקסטע איז די מאַסן־איינוואַנדערונג קיין איטאַליע פון די שפּאַנישע אַנוסים, וואָס האָבן זיך געראַטעוועט פון דער שפּאַנישער און פּאָרטוגעזישער אינקוויזיציע. זיי האָבן געבראַכט מיט זיך אַ שטאַרקע אינטעליגענץ, וואָס איז יאָרהונדערטער געווען איינגעוואָרצלט אין דער שפּאַנישער קולטור און באַפרוכפּערט מיט איר גייסט די שפּאַנישע ליטעראַטור און קונסט.

קומענדיק קיין איטאַליע, האָבן זיי זיך שנעל אַסימילירט מיט דער דאָרטי־קער קולטור, דערביי אָבער נישט דערוואייטערט זיך פון זייער יידישן אייגנאַרט, נאָר, פאַרקערט, אַ דאַנק דעם פרייען גייסט אינעם לאַנד, האָבן זיי אים נאָך מער געקאָנט קולטיווירן און פרייער אַנטוויקלען ווי אין שפּאַניע.

פון צווישן די ניי־אָנגעקומענע צייכענען זיך באַזונדערס אויס שלמה אושקי, וועלכער איז געווען אַ מייסטערהאַפטער איבערזעצער אויף שפּאַניש און האָט אויך אָנגעשריבן בשותפות מיט לאַזאַראָ גראַציאַנאָ אַ דראַמע אונטערן נאָמען „אסתר". דאָס איז אגב געווען די ערשטע דראַמע אין שפּאַניש מיט אַ יידישן אינהאַלט. איר פּאָפּולאַריטעט איז אויך אין איטאַליע געווען זייער גרויס און זי ווערט טאַקע אינגיכן איבערזעצט אויף איטאַליעניש.

דאָס וועלטלעכע טעאַטער, וואָס האָט ביז דאַן עקזיסטירט, האָט געהערט אויסשליסלעך צום פּריווילעגירטן קלאַס — סיי אין זיין אינהאַלט, סיי אין זיין באַשטימונג.

קודם־כל איז עס געווען דאָס פּריוואַט אייגנטום פון דעם אָדער יענעם פירשט־לעכן הויף. זיין שפּראַך איז געווען לאַטיין; דער עסטעטיזירנדיקער אינהאַלט פון די פּיעסעס איז געווען צוגעפּאַסט צום געשמאַק און קאַפּריזן פונעם פירשט, אָדער קעניג, אויף וועמענס באַשטעלונג די פּיעסעס זענען געשריבן געוואָרן. אין דינסט פונעם פירשט זענען געשטאַנען די גרעסטע קינסטלער, פּאָעטן און וויסנשאַפטלער.



פּראָסצעניום אינעם אָלימפּיק־טעאַטער

די אלע ברכות פון מענטשלעכן גייסט זענען אלזא געווען צוגענגלעך נאָר פאר יחידים, פאַרן פאָלק זענען זיי געווען נישט דערגרייכבאר און נישט צוגעפאסט.

דאָס פאָלק האָט זיך געניטיקט אין פשוטע אויסדרוק־מיטלען: אָן מליצה און אָן פליטערלעך און קודם־כל אין א צוגענגלעכן, פאָלקסטימלעכן מאמע־לשון.

באווייזט זיך טאקע אינעם 16טן יאָרהונדערט אין דעם זעלבן איטאליע דאָס ערשטע אָרגאניזירטע פאָלקסטעאטער, וואָס האָט זיך בליץ־שנעל קונה־שם געווען איבער דער וועלט אלס „קאָמעדיאַ דעל אַרטע".

* * *

די דאָזיקע קאָמעדיאנטן האָבן זיך געשטעלט מיטן פנים צום פאָלק און צוגעפאסט דאָס טעאטער צו זיין געשמאק. האָבן געפעלט פיעסעס פאר דעם דאָזיקן טעאטער, — קיין דאגה נישט: דער פשוטער עולם נויטיקט זיך נישט אין די געקינצלטע פערזן, וואָס אימיטירן די אַלט גריכישע טראגעדיע, אָדער די לאַקריץ זיסע פאסטעטיק פון דער פאסטאָראַל דראַמע; גענוג א פריילעכער אינהאַלט, געזונטער, שפרודלדיקער פאָלקס־הומאָר, א לידל וואָס זאָל זיך „איינבאקן" אין הארצן, א פריילעך טענצל, וואָס זאָל מיטרייסן די צוקוקער.

ווערט דער קאָמעדיאַנט אליין דער מחבר, ווייל ווער נאָך אזוי ווי ער קאָן דעם געשמאק פון דעם עולם, און — אָפהענגיק פון אָרט און סביבה — אימפּראָוויזירט ער זיינע פיעסן. דער עולם העלפט אים געשמאק צו אין דעם: א צווישנרוף, אַן אויסגעשריי, לוסטיקע באמערקונג אויפן חשבון פון א שפילער, א רמז אויף א פּאָלי־טישער געשעעניש און — אזוי ווערט געשאפן די בארימטע „קאָמעדיאַ דעל אַרטע".

מיט דער צייט ווערן פאר די דאָזיקע אימפּראָוויזאציעס געשאפן כללים, ס'ווערט צוגעגרייט א סטאבילער סקעלעט מיט הויפּט־סצענעס, הויפּט־טיילן, וואָס שטעלן מיט זיך פאר דעם פונדאמענט און דעם חוט־השדרה, פון דער פאָרשטעלונג, דאקעגן די ציגל ווערן שוין געלייגט בעתן שפּילן: דאָס זענען די אימפּראָוויזירטע טיילן פון איר.

די הויפּט פערסאָנאַזשן זענען כמעט אין אַלע קאָמעדיעס די זעלבע, הגם דער אינהאַלט האָט זיך געביטן. אייניקע נעמען פון די פערסאָנאַזשן זענען געוואָרן אומשטערבלעך און נוצן נאָך עד־היום אויף צו באצייכענען א געוויסן כאראקטער אָדער געשטאַלט, ווי למשל: קאָלאָמבינא, ארלעקין, פּאָלישינעל א. ד. ג.

כמעט צוויי און א האלב יאָרהונדערטער האָט „קאָמעדיאַ דעל אַרטע" נישט נאָר געלערנט גאַנץ אייראָפּע צו שפילן טעאטער, נאָר האָט אויך געשאפן דעם באָדן און יסוד פארן נייעם טעאטער.

ביי די גרעסטע דערגרייכונגען פונעם מאָדערנעם טעאטער, שעפּן זייערע רעזשיסאָרן יניקה פון „קאָמעדיאַ דעל אַרטע" און באמיען זיך צו רעקאָמענדירן אָט



טיפּישע סצענע פון „קאָמעדיאַ דעל אַרטע"



צוויי קאָמיקער פון „קאָמעדיאַ דעל אַרטע"

דעם דאָזיקן געזונטן, אמת פאָלקסטימלעכן אימפּראָוויזאַציע טעאַטער, ווי ס׳האָט עס, למשל, געטאָן וואַכטאַנגאָוו אין מאָסקווע.



גראָטעסקע געשטאַלט פון איטאַליענישן טעאַטער



טאָמאַסינאָ אַלס אַרלעקין
אַ פּאָפּולערע געשטאַלט פון איטאַליענישן טעאַטעו

דער גרויסער רוסישער רעזשיסאָר האָט טאַקע איבערראַשט די טעאַטער־וועלט מיט זיין אימפּראָוויזאַציע שפּיל לויטן מוסטער פון קאָמעדיאַ דעל אַרטע״, אַרויסברענגענדיק פון קאַרלאָ גאַצצים „פּרינצעסין טוראַנדאָט״ דעם גאַנצן חן און געזונטע, נאַאיווע פּשטות, מיט וועלכער ס׳איז דורכגעדרונגען די נישט בלאָזירטע, נישט קינסטלעך־אָנגעבלאָזענע פאָלקס־שאַפונג. די צוגרייטונגען צו דער דאָזיקער „אימפּראָוויזאַציע״ האָבן אגב געדויערט איבער אַ יאָר צייט . . .

„קאָמעדיאַ דעל אַרטע״ איז אַלזאָ געווען אַ גייסטיקער יורש פון אַלטן קלאַסישן טעאַטער און האָט די ירושה צוגעפּאַסט צו אירע צייט־באַדינגונגען און געדינט אַלס שולע פאַר אַ גאַנצער פּלעיאַדע נייע דראַמאַטיקער.

די וויכטיקסטע פון זיי זענען געווען: שעקספּיר אין ענגלאַנד, לאָפּע דע וועגאַ אין שפּאַניע, מאָליער אין פראַנקרייך און קאַרלאָ גאָלדאָני אין איטאַליע.

אַ ספּעציעלע השפּעה האָט „קאָמעדיאַ דעל אַרטע״ געהאַט אויף אונדזערע פּורים־שפּילן.




וויליאַם שעקספּיר



קאַרלאָ גאָלדאָני




לאָפּע דע וועגאַ



מ אָ ל י ע ר

# פורים־שפּילן

ווען דאָס ריין־הומאַניסטישע טעאַטער אין איטאַליע האָט אַרויסגעשטויסן און פאַרנומען דאָס אָרט פון דער רעליגיעזער מיסטעריע און פּאַסטאָראַל־דראַמע, איז געשאַפן געוואָרן די אַנטשפּרעכנדיקע אַטמאָספערע און אינטערעס צום טעאַטער אויך ביי יידן און ס׳איז געלייגט געוואָרן די בריק צווישן געטאָ און אייראָפּעאישן טעאַטער.

און שוין טאַקע אין 4טן מערץ 1531סטן יאָר, אינעם טאָג פון שושן־פּורים, ווערט אינעם ווענעציאַנער געטאָ אויפגעפירט אַ קאָמעדיע, וועלכע דער איטאַליעַנישער היסטאָריקער מאַרינאָ סאַנוטאָ באַצייכנט אין זיינע זכרונות אַלס: אונאַ בעליסימאַ קאָמעדיאַ.

אין אַ צייט אַרום ווערט אינעם זעלבן ווענעדיק פאַרפאַסט דורך שלמה אושקי די שוין דערמאָנטע ביבלישע דראַמע אונטערן נאָמען „אסתר“.

אין דער זעלבער צייט קומט אַרויס יהודה בן יצחק סומו, וועלכער האָט פאַרנומען דעם בכבודיקן אַמט פון רעזשיסאָר אין הערצאָגלעכן הויף־טעאַטער אין מאַנטואַ, מיט אַ פּורים־קאָמעדיע, געשפּילט אין העברעאיש.

גראָד אָבער ווי די דראַמע אין לאַטיין איז געוואָרן דעקאַדענט ביי די איטאַליענער און די אומגאַנגשפּראַך האָט באַהערשט דאָס טעאַטער, אַזוי האָט אויך דאָס טעאַטער ביי יידן אין לשון־קודש נישט געקאָנט ווערן פּאָפּולער ביים פּשוטן פאָלק, וואָס האָט קיין העברעאיש נישט פאַרשטאַנען.

דאָס טעאַטער ביי יידן, וואָס האָט אויפגעלעבט אין איטאַליע אין דער רענעסאַנס תקופה, האָט זיך נישט ווייניקער פונעם איטאַליענישן געגנויטיקט אין אַ רעפּערטואַר אין דער פאָלקס שפּראַך, ווייל טעאַטער איז נישט געווען די פּריווילעגיע פון אויס־דערוויילטע, אין דעם פאַל פון וווילגעלערנער און כלי־קודש, נאָר דאָס אייגנטום פון פאָלק, פון אירע ברייטע מאַסן.

דאָס יידישע געטאָ האָט זיך אָנגעהויבן צו אינטערעסירן מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם מיט אַלע דערשיינונגען, וואָס האָבן זיך בליץ־אַרטיק געמערט אויף אַלע געביטן פון לעבן אין דער גרויסער „אָפּענער“ וועלט.

מען האָט נאָכגעפאָלגט דעם דרייסטן קאַמף וואָס לוטער האָט פאַרפירט אין דייטשלאַנד קעגן דער קאַטוילישער קירך און געזען אין דעם אפילו גאָטס שטראָף פאַר דעם פאַרביסנסטן שונא פונעם יידישן פאָלק. דערזעלבער לוטער האָט געזען אינעם פאָלקס־טעאַטער אַ גלענצנדיקן דערציערישן אינסטרומענט און האָט אים אויסגענוצט פאַר זיינע רעפאָרמאַטאָרישע צוועקן.

האַנס זאַקס, לוטערס שטאַרקער אָנהענגער, האָט טאַקע פאַרוואַנדלט דאָס

דייטשע פאָלקס־טעאַטער אין אַן אמת וועלטלעכן טעאַטער, וואָס האָט נישט נאָר זיך באַפרייט פון זיין רעליגיעזער טעמאַטיק, נאָר פאַרקערט, אָפּגעשפּאָט פון די קאַטוילישע גייסטלעכע, אַראָפּגעריסן פון זיי די מאַסקע פון צביעות און כלומרשטע גאָטספאָרכטיקייט און אַנטפּלעקט זייער מאָראַלישע געפאַלנקייט און אויסגע־לאַסנקייט.

האַנס זאַקס האָט אויך דערוויטערט זיינע פאָלקסשפּילן פון די קירכן־הייף און זיי באַזעצט אין די גאַסט־הייף און אַנדערע ערטער, צוגענגלעכע פאַר די ברייטע שיכטן פון פאָלק.



רענעסאַנס־טעאַטער:
אַ פאָרשטעלונג אין פלאָרענץ אין יאָר 1616



האַנס זאַקס

דידאַזיקע ארבעט איז, פאַרשטייט זיך, געטון געוואָרן אין דער דייטשער אומ־גאַנגסשפּראַך — האָט דאָך לוטער אפילו געוואָגט צו איבערזעצן די ביבל אין דעם דאָזיקן „וואָכעדיקן״ לשון.

די אַלע רעפאָרמעס מחוץ דעם געטאָ האָבן נישט געקאָנט פאַרבלייבן אָן אַ שפּור אויף די געטאָ־איינוווינער, פאַר וועלכע יעדער געוואַגטער שריט האָט געדינט אַלס קוואַל פון אָנרעגונג און יניקה און גלייכ־צייטיק אויך ווי דערמוטיקונג און בטחון.

האָבן זיך אויף דער יידישער גאַס אָנגעהויבן צו באַווייזן טעאַטער־שפּילן לויטן מוסטער פון אָט דעם רעפאָרמירטן אייראָפּעאישן טעאַטער און קודם־כל האָט זיך דאָס אויסגעדריקט אינעם אַריינפירן אין די דאָזיקע שפּילן די יידישע אומגאַנגס־שפּראַך, דאָס הייסט מאַמע־לשון.

די יידישע דראַמע אָבער, וועלכע איז געבוירן געוואָרן אין בית־מדרש, אין שול־הויף און איז נעשפּילט געוואָרן דורך ישיבה־בחורים און לערנער, האָט זיך באַלד ביי אירע ערשטע טריט אָנגעשטויסן אויף אומגעהויערע שוועריקייטן און מניעות.

קודם־כל דער פאַרבאָט פון מישן זיך פון פרויען מיט מענער. וואָלט דאָס נאָך נישט געווען פון די גרויסע שטערונגען, ווייל אויך ביי די אומות־העולם האָבן מענער געשפּילט פרויען־ראָלן. איז דאָך אָבער ביי יידן פאַרווערט זיך אָנצוטון אין פרעמדע קליידער; ס׳איז דאָך אַ בפירושער לאָוו: אַ מאַנסביל טאָר זיך נישט פאַר־קליידן אין ווייבערשע מלבושים... אַזאַ מין לאָוו איז דאָך געווען אַ בפירושער טויט־אורטייל פאַרן טעאַטער.

אָט די אַלע מניעות און לאווין איז טאַקע אַנטקעגנגעקומען דער געבענטש־טער יום־טוב פּורים, ווען שיכרות ווערט באַטראַכט ווי אַ מצווה; ווען דער פרומ־סטער ייד אפילו מעג זאָגן אַזאַ ניבול־פּה, ביי וועלכע ער וואָלט אַ גאַנץ גייענדיק יאָר רויט געוואָרן פאַר בושה; ווען איבערטון זיך אין ווייבערישע קליידער איז נישט נאָר נישט קיין חטא, נאָר, פאַרקערט, אַ קוואַל פון לצנות און פאַרגעניגן.

פּורים איז אַלזאָ געווען ווי באַשאַפן אויף צו קולטיווירן טעאַטער ביי

ייִדן, האָט אים געגעבן עקזיסטענץ־באַרעכטיקונג, אינהאַלט און, דער עיקר, ער האָט אים פּאַטראָניזירט און אַזוי צו זאָגן לעגאַליזירט.




ייִדישע קלעזמער אויף אַ ייִדישער חתונה (קופּערשטיך פון יאָר 1700)

## די השפּעה פון „קאָמעדיאַ דעל אַרטע" אויף די פּורים־שפּילן

ווי אַזוי זשע האָט זיך אויסגעדריקט די השפּעה פון דער „קאָמעדיאַ דעל אַרטע" אויף די ייִדישע פּורים־שפּילן?

געוויס נישט אין דער טעמאַטיק, וועלכע די ייִדישע שפּילן האָבן נאָך אַלץ געשעפּט פון תנ"ך און מדרש, דאַקעגן די „קאָמעדיאַ דעל אַרטע" האָט דעם אינהאַלט פון דער קלאַסישער קאָמעדיע אַזוי „פּאַרוואָכעדיקט" און לאָקאַליזירט, אַז ס'איז פאַרלוירן געוואָרן אַפילו דער קלענסטער אָנדייט אויף זיין אורשפּרונג.

די השפּעה האָט זיך אַלזאָ אויסגעדריקט קודם־כל אינעם כאַראַקטעריזירן פון די הויפּט־פּערסאָנאַזשן אינעם פאַרפיקסירן פאַר זיי אַ באַשטימטן טיפּ.

אויך האָט שטאַרק משפּיע געווען די אויסערלעכע פאָרם, די טעכניק און דער אופן פונעם אָנבינדן קאָנטאַקט מיטן עולם. ס'איז געווען פיל געמיינזאַמעס אינעם שאַפן אָט די געמיטלעכע אַטמאָספערע פון זאָרגלאָזיקייט, וואָס האָט פאַרווישט יעדע מחיצה, וואָס דאָס הויף־טעאַטער האָט געשאַפן צווישן זיך און דעם

עולם. פארקערט, געמאכט עס נענטער, פאָלקסטימלעכער, אָרגאַניש עס אריינגעוועבט אין זיין מענטאַליטעט, געמאכט פאר א באשטאנדטייל פון זיין גייסיקן אויסלעבן זיך.

די הויפּט־טיפּן פון „קאָמעדיאַ דעל אַרטע", ווי פּאַלישינעל, אַרלעקינאָ, קאַפּיטאַנאָ, פּאַנטאַלאָנע האָבן אין די יידישע שפּילן זיך פארוואנדלט אינעם לויפער, פּאַיאַץ, דאָקטאָר און געוויסע אייגנשאַפטן, וואָס זענען געווען כאַראַקטעריסטיש פאר די איטאליענישע טיפּן, זענען אויך געוואָרן ארויסגעבראַכט אין די פּורים־שפּיל־פערפאָרמאַנסן.



פּורים־שפּילער אין פּראָג
(לויט אַ האָלצשניט פון יאָר 1720)

דער איטאַליענישער קאַפּיטאַנאָ, למשל, אַ זעלבסטבארימער, אַ הויכשטאַפּלער, אַן אָנשטעלמאַכער, פאר וועלכן די גאַנצע וועלט ציטערט כּלומרשט, פאר וועמענס טופּע מיט די פיס ס'קאַפּיטולירן כּלומרשט די גרעסטע העלדן, איז אינדערעמתן אַ גרויסער פּחדן און זיינע באַרימערייען ענדיקן זיך תּמיד מיט אַ דורכפאַל און ער ווערט דער אָביעקט פון חוזק און אָפּלאַכעריי.

דער דאָזיקער קאַפּיטאַנאָ האָט בלי ספק אינספּירירט די יידישע שפּילער צו שאַפן לויט זיין מוסטער די געשטאַלטן פון גלית הפּלישתּי, פּרעה מלך מצרים, אשמדי און המן הרשע.

אָט לייגט די פאָלקסדראַמאַטיק אַריין פאָלגנדיקע באַרימערייען פון קאַפּיטאַנאָ אין מויל פון גלית אינעם שפּיל: „קעניג שאול און רשע גלית":

„איך בין גלית, דער גרויסער העלד,
פאַר מיר ציטערט די גאַנצע וועלט.
איך בין איינער און ווייטער איז קיינער
איך וועל אייך צעברעכן די גלידער און ביינער."

דער קאַפּיטאַנאָ איז אַ באַרימטער זולל וסובא. „אונדזער" גלית שטייט אויך ניש אָפּ פון אים. אָט ווי ער באַרימט זיך, וואָס ער קען אַלץ אַראָפּשלינגען:

„דרייסיק - פערציק פאַר אָקסן
ווי אַ שיסעלע לאָקשן.

דרייסיק־פּערציק לעבלעך ברויט
אין אַ קליינע נויט.
דרייסיק־פּערציק פּעסלעך סטינקעס
ווי אַ שאַכטל סאַרדינקעס.
דרייסיק־פּערציק פּאָר טויבן
ווי אַ לאָקש אָפּצוקלויבן."

און ווען ער ווערט דעמאַסקירט, פאַרלירט ער זיין קוראַזש און די הויט ציטערט אויף אים פאַר שרעק :

„אַ בראָך איז שווין צו מיר,
ווי קאָן איך גיין, ווי קאָן איך שטיין,
אַז איך בין געפאַלן אין זייערע הענט אריין.
ס'וועט דאָך יעצינד זיין אַ בראָך צו מיינע יאָר."

אזוי ווערט אויך דער איטאַליענישער דאָקטאָר־שאַרלאַטאַן און אָפּט־מאָל אויך דער קאָמישער זקן פאַנטאַלאָנע פון „קאָמעדיאַ דעל אַרטע" פאַרוואַנדלט פון די פּורים־שפּילן אין אַ שאַרלאַטאַן אַ דאָקטאָר, וועלכער ברענגט אַרויס קאָמישע קווי־פּראָ־קוואָס און מיספאַרשטייענישן צווישן דאָקטאָר און אַ רב :

דער דאָקטאָר באַטראַכט דעם חולה :

„ווי לאַנג ליגט ער ?
ר ב : אזוי לאַנג ווי די שטוב.
ד אָ ק ט אָ ר : ארויסגיין גייט ער ?
ר ב : די טירן פאַרמאַכט.
ד אָ ק ט אָ ר : היץ האָט ער ?
ר ב : עס ברענט זיך אויפן קוימען.
ד אָ ק ט אָ ר : ברוך דיין אמת.
מען דאַרף אים שטעלן באַנקעס צום רוקן".

פאַרשטייט זיך, אַז אויך דער פּאָפּולערער אַרלעקינאָ איז נישט פאַרבליבן אָן השפּעה אויף די פּערסאָנאַזשן פון די פּורים־שפּילן. פון אים טאַקע נעמען זיך ביי אונדז דער פּאַיאַץ, דער איינשרייער און לוסטיק־מאַכער, וואָס פלעגט דורך די אַקציע מיט קאָמישע צווישנרופן, גיט־אויס פון חדר און מאַכט ציניש באַמערקונגען אויפן חשבון פון די אָנוועזנדיקע.

אין די סלאַווישע נעטאָס באַווייזט זיך אויך דער לץ מיטן נאָמען „פּיקל־

הערינג" — אן אָפּשטאַם פון די האָלענדישע בופאָנס. ער בירגערט זיך אַזוי איין אין דער יידישער פאָלקס־דראַמאַטיק, אַז זיין פרעמד קלינגענדיקער נאָמען שאַקירט אַפילו נישט אין די פורים־שפּילן מיט ביבלישן אינהאַלט.

צוגלייך מיט די טיפּן נעמט אויך די פורים־שפּיל איבער די מאַסקעס, וואָס האָבן זיי כאַראַקטעריזירט אין דער „קאָמעדיאַ דעל אַרטע". זיי ווידער האָבן דאָס איבערגענומען פונעם קלאַסישן גריכישן טעאַטער. דערביי האָט עס ביי די איטאַ־ליענער געהאַט אויך אַ פּראַקטישע באַדייטונג: אין די טרופּעס פון „קאָמעדיאַ דעל אַרטע", וואָס זענען באַשטאַנען פון אַ באַגרעניצטע צאָל קאָמעדיאַנטן, פלעגט אָפּט־מאָל איינעם אויסקומען צו שפּילן איינעקע ראָלן. אין אַזאַ פאַל האָט דאָס באַנוצן די מאַסקעס אויף אַ גלענצנדיקן אופן גערעטעוועט די סיטואַציע און די פּרימיטיווע צושויער האָבן געהאַט די פולשטענדיקע אילוזיע פון באַזונדערע אַנטיילנעמער.

ווי געזאָגט, האָט זיך אויך געלאָזט פילן די איטאַליענישע השפּעה אויף דער אויסערלעכער פאָרעם פונעם פורים־שפּיל. אין שייכות מיט דעם דערמאָנט זיך מיר פאָלגנדיקע פערזענלעכע אָבסערוואַציע.

אין 1928סטן יאָר, בעת אַ טורנע איבער בעסאַראַביע, האָב איך מיך אין געוויסע שטעטלעך אָנגעשטויסן אויף אַן אינטערעסאַנטער דערשיינונג.

קיין דרוקערייען זענען אין די דאָזיקע שטעטלעך נישט געווען, קיין אַפישן, וואָס זאָלן אָנזאָגן אַ טעאַטער־פאָרשטעלונג, זענען אויף די מויערן נישט געקלעבט געוואָרן.

דאָס שטעטל האָט געהאַט אַ ספּעציעלן ייד, אַ מין לעבעדיקן רעקלאַמע־מאַכער, וואָס פלעגט אַרומגיין איבער די גאַסן און אויסרופן אַלע נייע סחורות, וואָס זענען אָנגעקומען אין די קלייטן, אַלע פאַרזאַמלונגען וואָס דאַרפן פאָר־קומען ביים רב אָדער ראש הקהל און, ווען ס'איז נויטיק געווען, אויך אָנזאָגן אַ טעאַטער־פאָרשטעלונג.

פלעגט דער דאָזיקער „אָנזאָגער" אויף פאָלגנדיקן אופן „רעקלאַמירן" זיינע סחורות:

„צו בערנשטיינען אין קלייט זענען אָנגעקומען נייע קאַלאָשן. אַ נייע הגדה של פּסח קאָן מען שוין קריגן ביי ר' מאָטיע מוכר ספרים. מאָרגן ווערט געשפּילט יידיש טעאַטער גלייך פון וואַרשע. מ'וועט געבן דעם „מיל־כיקן טביה". פרישע זויערע אוגערקעס — אַ מחיה — ביי ציפּע זלאַטעס אין קלייט. די וואַרשעווער שפּילן מאָרגן יידיש טעאַטער פאַר גרויס און קליין".

אָט דאָס דאָזיקע פּרימיטיווע אָנאָנסירן אַ טעאַטער־פאָרשטעלונג איז אַ

ווייטער איבערבלייב פונעם אמאָליקן „אַנזאַגן" א פורים־שפּיל, און זיין אורשפּרונג נעמט זיך טאַקע פון „קאָמעדיאַ דעל אַרטע".

א ספּעציעלער אויסרופער פון דער קאָמעדיאַנטן־טרופּע פּלעגט גיין איבער די גאַסן, קלאַפּן אין א פּויק און אויסרופן צו די נייגעריקע פאַרבייגייער:

„די הערן קאָמעדיאַנטן זענען געקומען. קומט, מאַן און ווייב, גרויס און קליין באַוווּנדערן אונדזער שיינע קאָלומבינאַ מיטן לוסטיקן אַרלעקין. קומט אַלע, אַלע, אַלע. די הערן קאָמעדיאַנטן זענען געקומען."

דער דאָזיקער אופן פון אָנזאָגן א טעאַטער איז געווען א רעוואָלוציאָנערער שריט, געווענדט קעגן די פאָרמען פון קלאַסישן טעאַטער און איז טאַקע גיך אַריבער פון איטאַליע אויך אין אַנדערע לענדער. נאָך היינט באַנוצן זיך געוויסע צירקן מיטן זעלבן אופן פון רעקלאַמע, ווען עס ווערט פאַרוואַנדלט אין אַן אמתן פּאַראַד, א רייטער קאַוואַלקאַדע מיט וועגענער ווילדע חיות און מיט אַלע צירק־אַרטיסטן אין זייערע גאַלאַ־קליידער.

דעם מנהג פון „לעבעדיקער" רעקלאַמע האָבן אויך איבערגענומען די יידישע קאָמעדיאַנטן פון די געטאָס. זיי פּלעגן גיין איבער די גאַסן פאַרמאַסקירטע, געפירט פונעם הויפּט־שפּילער, דעם אַזוי גערופענעם „לויפער" אָדער פּאַיאַץ וואָס איז געווען באַהאָנגען מיט גלעקלעך. ער פּלעגט מאַכן פאַר זיי א וואָרע און זיי פירן פון שטוב צו שטוב, באַגלייט פון אייניקע קלעזמער, וואָס פּלעגן צושפּילן צו דער אַקציע.

מיט וואָס פאַר א טומל די דאָזיקע טרופּע פּלעגט אַריינפאַלן אין א שטוב, זאָגן עדות פאָלגנדיקע ווערטער פון אַן אַלטן פורים־שפּיל:

„איך קום אַריין פּאַיאַץ, דער ערשטער מאַן,
מיט אַזאַ גערודער, מיט אַזאַ געשפּאַן".

דער לויפער פּלעגט אויסשטעלן אין רייען זיינע שפּילער און איבערנעמען די ראָל פונעם אָנזאָגער, פונעם רעזשיסאָר. ער פּלעגט אויך געבן די נויטיקע דער־קלערונגען צו דער האַנדלונג און גלייכצייטיק אָנזאָגן דאָס אָרט און די צייט ווו די האַנדלונג קומט פאָר.

עס ווערט קודם כל געמאַכט א קאָמפּלימענט דער באַלעבאָסטע, און גלייכ־צייטיק די נויטיקע הכנות פאַרן שפּיל.

די קלעזמאָרים שפּילן צו, דער לויפער פאַרנויגט זיך און הייבט אָן זיין באַגריסונג:

„מיר קענען די באַלעבאָסטע פון פאַראַיאָר,
זי האָט אונדז גוט אויפגענומען.

מיר האָבן דערלעבט דאָס היינטיקע יאָר,
זענען מיר צו אייך ווידער געקומען.
דרום רוימט אויף, רוימט אויף.
און שמייסט די שטוב צום פענצטער ארויף.
שטאָם, דאָם, צאָם, שמייסט די ביכער פון די שענק,
די אַלע טישן צו דיזע בענק."

און נאָכן אָפּשפּילן די פאָרשטעלונג, ווען דער עולם נעמט זיך צו די טאַשן כדי צו באַלוינען די שפּילער, געזעגנט זיך דער לויפער מיט ספּעציעלע גראַמען :

„מיינע מעלאָדיע איז צו ענדע,
איר קאָנט קלאַטשן מיט די הענדע...
שפּעט געקומען, גוט געמאַכט,
אהער די פּאָר גראָשן, א גוטע נאַכט...
— אדיע, אדיע, אדיע, מיינע ליבע לייט,
מיר האָבן שוין דאָ גענוג געווײלט,
לאָזן מיר פאַרלאָזן דיזעס געצעלט
ווייל מיר האָבן קיין צייט לאַנג צו שטיין,
לאָזן מיר נעמען דאָס געלט און ווייטער גיין."

די פאָרשטעלונג גופא פלעגט פאָרקומען צווישן די געסט און אין א גרע־סערער דירה אויף א ספּעציעל צוגעגרייטן אָרט, אַזוי גערופענעם „פלאַן". געשפּילט פלעגט ווערן אָן דעקאָראַציעס, אָפטמאָל אָבער פלעגט דער „לויפער" אָנזאָגן דאָס אָרט פון דער האנדלונג און דאָס איז שוין גענוג געווען דעם עולמס פאַנטאַזיע זאָל אים איבערפירן פון איין אָרט צום אנדערן, לויטן גאַנג פון דער שפּיל.

אין 17טן יאָרהונדערט האָט מען ביי געוויסע פורים־שפּילן איינגעפירט, לויטן מוסטער פון ענגלישן טעאַטער, טאָוולען מיט אויפשריפטן, וואָס האָבן באַ־צייכנט דאָס שפּיל־אָרט. די דאָזיקע טאָוולען פלעגן ווערן ארויסגעהאָנגען ביים פאָ־דערשטן ברעג פון דער בינע און פלעגן זיך בייטן, אָפּהענגיק פון דער סיטואַציע. פון אָט די טאָוולען פלעגט דער עולם דערוויסן זיך ווו די האַנדלונג פון דער געגע־בענער סצענע קומט פאָר. לויט דער מיינונג פון ד"ר שיפּער האָבן זיך געוויסע פורים־שפּילער - טרופּעס אין סוף פון 17טן יאָרהונדערט באַנוצט מיט געמאָלענע דעקאָ־ראַציעס, ד. ה. מיט א באַמאָלטן לייוונט, וואָס פלעגט ווערן אויפגעהאָנגען אויף דער הינטערשטער וואַנט פונעם שפּיל־אָרט.

די פורים־שפּילן פלעגן זעלטן ווערן איבערגעשריבן, נאָך זעלטענער ארויס־



א סצענע פון אחשורוש־שפּיל אין 17 י.ה.
(רעפּראָדוצירט דורכן קינסטלער מ. אפּעלבוים פון אַ מיניאַטור אין בערסאָנס מוזיי, וואַרשע)

געגעבן. זיי פלעגן איבערגיין פון מויל צו מויל און ס'איז זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז צוליב דעם פלעגט זיך זייער טעקסט און אָפטמאָל גאַנצע סצענעס לחלוטין ענדערן. מיר געפינען דעריבער די דאָזיקע שפּילן אין צענדליקער וואַריאַנטן. יעדער וואַריאַנט טראָגט אויך שפּורן פון לאָקאַלן קאָלאָריט, אָפּהענגיק פון די לענדער אין וועלכע זיי ווערן געשפּילט.

אויך דאָס יידיש־לשון פון די דאָזיקע שפּילן איז פול מיט אַנלויפן פון דער לאַנד־שפּראַך, וואָס ווערט באַנוצט אין דער אומגעבונג. אַ פראַנקפורטער פּורים־שפּיל קלינגט אינגאַנצן אַנדערש, ווי דער זעלבער טעקסט אין די סלאַווישע לענדער. אַן ענלעכער חילוק איז צווישן די געשפּילטע זאַכן אינעם פּוילישן דיאַלעקט, אינעם טשעכישן אָדער רוסישן.

אין אַלגעמיין אָבער האָט דאָס פּורים־שפּיל אָפּגעהיט זיין אורשפּרינגלעכע פאָרם און אינהאַלט און אינעם 19טן יאָרהונדערט איז זי געשפּילט געוואָרן כמעט אויפן זעלבן אופן ווי מיט דריי הונדערט יאָר פאַר דעם.

# פורים-שפיל אין מענדעלעם „פריזיוו"

אויף צו געבן אַ באַגריף פונעם טעקסט און פון דער אויפפירונג פון אַזעלכע פורים־שפּילן, וועלן מיר זיך באַנוצן מיט מענדעלע מוכר ספרימס פּיעסע „דער פּריזיוו".

אָט ווי דער זיידע שילדערט דאָרט אַ קורצן פורים־שפּיל, בעת עולם זיצט ביי געדעקטע טישן און לאָזט זיך ווױלגיין:

„פּלוצים לויפן אַריין הענדום־פּענדום פורים־שפּילער.

„אחשורוש" אין אַ מאַנטל פון אַן אַלטן פּרוכת. אויפן קאָפּ אַ מין היטל פון געל פּאַפּיר מיט פליטערלעך. „ושתי המלכה" מיט אַ סימן פון אַ בערדל, אין אַ קורץ, שמוציק קליידל, פון וועלכן ס'קוקן אַרויס גרויסע, גראָבע שטיוול, אַרום דעם האַלדז אַ שאַל, צוגעבונדן מיט די עקן אויף דער פּלייצע. אויפן קאָפּ — אַן אָפּגע־בּאַרעט, שטרויען קאַפּעלושל. „מרדכי" — אין אַ קאַפּטן, אויפן קאָפּ אַ מין שטריימל מיט אַ לאַנגער באָרד פון קליאַטשע. גייט רייטנדיק אויף אַ הילצערן פערדל, באַהאַנ־גען מיט גלעקלעך. „המן" אין אַ סאָלדאַטסקע שינעל. אויפן קאָפּ אַ דרייעקעכדיקער קראַפּ פון צוקער־פּאַפּיר. דער לעקער־לויפער אין שיך און זאָקן. די פּאָלעס פאַרבויגן. אויפן קאָפּ אַ הויך פּאַפּירן היטל. אַ קלעזמערל סקריפּעט אויף אַ פידעלע און איינער גייט מיט די טאַצן. מרדכי יאָגט זיך רייטנדיק, שאָקלט מיט דעם בערדל, די גלעקלעך קלינגען. ער איז מודיע דעם עולם:

„פליען אויף די אכאשטראָנים טו איך טון,
אין אַ פורפורוואָלענע זיפּעצע טו אין זיין אָנגעטון.
טו איך, טו איך, טו איך טון,
אַ שפּרונג, אַ שפּרונג, אויבנאָן.

(דער לעקער־לויפער שטעלט זיך אין דער מיט שטוב און גיט אַ מאַך מיט דער האַנט אַרום זיך)

„דאָס איז אַ וויינגאָרטן."

אחשורוש:

אי, דו לעקערלויפערליין.
לויפן זאָלסטו צו ושתין
נאַקוט לאָז זי אויפטרעטן,
לאָזן די האַרן קוקן,
ווי אַנטפּלעקט טוט זי זיין שיין.

טראַלעליי, טראַלעליי, טראַלעליי,
איינס אין צוויי און דריי.

דער לעקער־לויפער (צולויפנדיק צו ושתין):
„איך טו מיט מיינע גילדענע פיסלעך טון
אין דיין שפּאַצירגערטנדל אריין טרעטון.
לאָז מיך, אָ ושתי, דערציילון:
נאַקוט זאָלסטו זיך טון צוגרייטון
נאַקוט און הויל פאַר אים טרייטון
טרייטון, טרייטון, טרייטון.

ושתי (אויף אַ קוויטשיק קולכל):
„נאַקוט טו איך מיך שעמון,
מיין שיין קלאָר לייב בלויז צייגון,
אַ ליילעך טו איך נעמון
און צומאַכן די אויגון.

(וואַרפט אַראָפּ דעם שאַל, אויסטוענדיק דאָס קאַפּעלושל, טאַפּט זי אָן עפּעס אויפן שטערן און גיט זיך אַ כאַפּ מיט כעס:)
„וואָס טוט שפּראָצן מיר אויפן שטערון
עפּעס ווי אַ לאַנגער האָרון?
אָ, לעקערלויפער, ניקס בשום אופן.
זאָלסט מיט דיינע פיסלעך לויפון.
ווער איז ער? טו אים זאָגון,
אַז איך, ושתי, זאָל אים טון פאָלגון.
אַ שטאַלמייסטער האָט ער געטון
טון זיין אַמאָל ביי מיין טאַטון.
זאָל ער נישט טון פאַרגעסון,
אַז איך בין אַ פּרינצעסון.

דער לעקער־לויפער:
איך טו טון אַ טרייטון.
טרייטון, טרייטון, טרייטון.

המן און דער לעקער־לויפער
(קומען און שלעפּן ושתין):
„געהאַנגען זאָלסטו, ושתי, ווערון,
פאַרוואָס דו טוסט נישט הערון.

ושתי (ווײנט אויף אַ קוויטש):

„ווי אויף מײנע יאָרן,
נאָך אַזוי יונג און שײן.

המן:

דער יודע מאָנדרוש טו איך קוקן,
ווײַל פֿאַר מיר נישט זיך טון ביקן. (צו אחשוורוש)
די שפּיץ־יודן טוען אונדז בײסון
און טוען נישט הערן דײַן הערונג.
באַפֿעל: לאָז מען טון זײ צערײסון,
צערײסון אַזוי ווי אַ הערונג.

מרדכי (לויפֿט צו מיט אימפּעט):

„דו המן טוסט אויסטראַכטן ליגון,
ליגון, מסירות אויף יידנס קינדער.
אין דער ערד וועסטו טון ליגון,
און אונדז וועט גאָט טון וווּנדער.
פֿליען אויף אכאשטרוינים טו איך טון,
טו איך אַ פּורפּורוואָלענע זיפּצע זײַן אָנגעטון.
אַ שפּרונג, אַ שפּרונג אויבן אָן.
(שטרעקט אויס די האַנט צום עולם):
„הײַנט איז פּורים און מאָרגן איז אויס,
גיט מיר אַ גראָשן און שטופּט מיך אַרויס.

די פּורים־שפּילער פֿאַרענדיקן זײער שפּיל מיטן געזאַנג פֿון שושנת יעקב, טרינקען, פֿאַרבײַסן און לויפֿן אַרויס.״

* * *

די דאָזיקע פּורים־שפּיל האָט מיך טאַקע אָנגערעגט אין 1923 יאָר אויפֿצופֿירן מענדעלעס „פּריזיוו״ אין וואַרשעווער „צענטראַל־טעאַטער״.

באַפֿרײַענדיק די פּיעסע פֿון אירע מעלאָדראַמאַטישע סצענעס, פֿון איר געקינצלטער ערנסטקייט און פֿון דער אומפֿאַרשטענדלעכער טענדענץ פֿון פֿריידיקן געטרײַשאַפֿט דעם צאַר, האָב איך די גאַנצע אַקציע פֿון דער פּיעסע אָרגאַניש אײַנגעוועבט אין אַ פּורים־שפּיל.

צו דעם צוועק האָט דער דיכטער י. מ. נײַמאַן צוגעשריבן אַ פּראָלאָג אין

צווישן־שפּילן, וואָס ווערט אויסגעזונגען פונעם ליפּער. ער איז דאָס טאַקע דער אָנזאָגער און אויסטייטשער פון די פּערסאָנאַזשן און די אַקציע.

ער לצוועט אויך אָפּ פון דעם שטעקל־דרייען און האָפּענונגלאָזער אומבאַהאָלפנקייט און צוריקגעשטאָנענקייט פון מענדעלעס פּערסאָנאַזשן. מענדעלע האָט עם געמומען ערנסט, זיך געבייזערט, — דער ליפּער האָט עם אויסגעלאַכט, געקיבעצט.

די גאַנצע פּיעסע, ווי געזאָגט, איז געווען פאַרוואַנדלט אין אַ טעאַטראַליזירטער פּורים־שפּיל.

דער קינסטלער משה אַפּלבוים האָט פאַרוואַנדלט די בינע אין אַ מין קרעטשמע, אין אַ קליינשטעטלדיקן, אַלט־פּרענקישן איינפאָר־הויז.

און אָט קומט אָן פון טעאַטער־זאַל די פריילעכע, צעזונגענע כאַליאַסטרע, די פּורים־שפּילער, גייען אַרויף אויף דער בינע, שטעלן זיך פאַר פאַרן עולם און הייבן אָן די שפּיל, בייטנדיק ביי יעדער געלעגנהייט אויף זייער פּרימיטיוון שטייגער און מיט נאַאיווע מיטלען דעם פאָן פון דער אַקציע.

ס'זענען אויך צוגעצויגן געוואָרן אויטענטישע חתונה־כלי־זמרים, וועלכע זענען געזעסן אין אַ זייט אויף דער בינע און באַגלייט די האַנדלונג מיט אַנטשפּרעכנדיקער פאָלקס־מוזיק.

אַזוי אַרום איז, לויטן מוסטער פון „קאָמעדיאַ דעל אַרטע“, די קונסט אַריינגעפירט געוואָרן אין לעבן. די בינע איז אַריין אין צושויער־זאַל.

איך האָב דערמיט נישט געוואָלט געבן אַ פאַרענדיקט קונסט־ווערק, ווי, למשל, אַ בילד, אָדער סקולפּטור, נאָר, פאַרקערט, אינספּירירן דעם עולם מיט דעם שאַפונגס־פּראָצעס וואָס קומט פאָר פאַר זיינע אויגן אויף דער בינע און אים אַליין אַריינציען אין דעם דאָזיקן פּראָצעס.

דערצו איז נויטיק געווען צו שאַפן אויף דער בינע דעם נישט געזעענעם פּלואיד, וואָס זאָל זיין ביכולת אַרויסצורופן אַן ענלעכן אין זאַל, — דאָס הייסט, אַריבערוואַרפן אַ בריק פון בינע צום צושויער.

אָט די בריק האָט אַמבעסטן געקאָנט באַשאַפן די פּורים־שפּיל, די יידישע „קאָמעדיאַ דעל אַרטע“.

טעכניש האָט זיך דאָס איינגעגעבן דורכצופירן אַ דאַנק דעם אויסנוצן פונעם „פּראָסצעניום“ ד. ה. דעם שטח וואָס טיילט אָפּ די בינע פונעם טעאַטער־זאַל. מיטן באַזייטיקן די דאָזיקע מחיצה איז באַשאַפן געוואָרן די בריק צווישן דיביידע טיילן.

דער ערשטער אויף צו שאַפן די דאָזיקע בריק אויף דער מאָדערנער בינע איז געווען דער רוסישער טעאַטער־רעפאָרמאַטאָר מייערכאָלד. זיין לאָזונג איז געווען:



מייערכאָלדס עקספּערימענטאַל טעאַטער

צוריק צום מאָליער־טעאַטער, אָדער, בעסער געזאָגט, צו זיין פאָרגייער — „קאָמעדיאַ דעל אַרטע".

מאָליער איז געווען דער ערשטער בינע־מייסטער, וואָס האָט געשטרעבט אַרויסצופירן די האַנדלונג פון דער טיפקייט פון דער בינע און אַרויסצוברענגען זי אויפן פּראָסצעניום, ד. ה. אויפן פאָדערשטן פּלאַן פון דער בינע.

אינעם אַקאַדעמישן רענעסאַנס־טעאַטער איז דער אַקטיאָר געוואָרן שטרענג אָפּגעטיילט פונעם עולם, וואָס ס'האָט במילא געשאַפן אַן אָנגעצויגנקייט, אַ קאַלט־קייט, אַ צוריקגעהאַלטנקייט אין דער קעגנזייטיקער באַציאונג צווישן זאַל און בינע.

דעם געניאַלן קאָמעדיאַנט מאָליער האָט פאַרפעלט לופט אין אַזאַ אַטמאָס־פער. ער האָט זיך גענויטיקט אין דעם פלואיד פונעם טעאַטער־זאַל, וואָס זאָל אים דערוואַרעמען, אַרויסרופן אין אים די קאָמעדיאַנטישע פריילעכקייט און לצנות. נאָר ביי אַזאַ אַטמאָספער האָט געקאָנט דערגיין צום עולם זיין בייסיקע סאַטירע, זיין פּראָטעסט קעגן דער הערשנדיקער אָרדענונג און זיטן, זיין דעמאַסקירן די מענטש־לעכע שוואַכקייט און לעכערלעכקייט.

אָט די מעגלעכקייטן האָט אים אין דער פולסטער מאָס געגעבן דער פּראָ־סצעניום, דער נאָענטער קאָנטאַקט מיטן עולם.

גלייכצייטיק איז דאָס אויך געווען אַ געוואַגטער פּראָטעסט קעגן דער בלאָ־זירטער אָנגעצויגנקייט פון לודוויק דעם פערצנטנס הויף.

אין דער צווייטער העלפט פון 16טן און אינעם 17טן יאָרהונדערט איז אַנטשטאַנען אין אייראָפּע אַ צייט פון אמתע, נישט געקינצלטע טעאַטראַלישקייט, אַ צייט ווען אין טעאַטער האָבן הויך און פרייליך געהילכט די גלעקלעך פון פּאַיאַץ.

דער פּראָסצעניום האָט דערמעגלעכט און געכשרט אומצייליקע טריוקן און המצאות פונעם אַלט־ענגלישן, שפּאַנישן און איטאַליענישן טעאַטער.

אינטערעסאַנט, אַז ווען אין פראַנקרייך האָט מאָליער דערנענטערט זיין טעאַטער צום פאָלק, אַרויספירנדיק אים פון די ד' אמות פונעם סצענישן קעסטל, וואָס דער רענעסאַנס האָט געשאַפן, אין דער זעלבער צייט איז דאָס טעאַטער אינעם ווייטן יאַפּאַן געגאַנגען אין דעם פּרט נאָך ווייטער.

דאָס יאַפּאַנישע טעאַטער האָט אין יענער צייט געהאַט אויף דער בינע אַ ספּעציעלן טיפּ באַדינער, וואָס האָט זיך גערופן „קוראַמבאָ".

זייער עובדא איז געווען צו סופלירן די אַקטיאָרן פאַר אַלעמען אין די אויגן; צו פאַרריכטן די קליידער און פריזורן ביי די אויספירער פון פרויען־ראָלן; אויפצוהויבן פאַרגעסענע, אָדער פאַרבליבענע קעגנשטאַנדן פון דער בינע; צוצונעמען געווער, מאַנטלען און הוטן, וואָס די אַקטיאָרן האָבן פאַרלוירן בעת אַ סצענע פון קאַמף; צו פאַרשטעלן די געפאַלענע העלדן מיט אַ שוואַרצן טוך און אַזוי אַרום זיי



מאַסקעס פון יאַפּאַנישן טעאַטער



יאַפּאַנישע טעאַטער־שפּילן



דערמעגלעכן „אָפּצוגיין" פון דער בינע; באַלייכטן דאָס פּנים פון אַן אַקטיאָר מיט אַ ליכטל, וואָס איז געווען פּאַרפעסטיקט אויף אַ לאַנג שטעקעלע און אַזוי ווייטער.

מיט איין וואָרט — דאָס טעאַטער האָט דאָ געגעבן דעם היפּוך פון אילוזיע: קיין שום זאַך וואָס זאָל וועלן אָפּנאַרן דעם עולם, וואָס זאָל אים וועלן „מאַכן גלויבן".

פאַרקערט — יעדע רגע וואָס ער פאַרברענגט אין טעאַטער דאַרף אים דערמאָנען, אַז ער געפינט זיך אין וואַרשטאַט פון יום־טובדיקייט, פרייד און זאָרגלאָזיקייט, ווו אַלע מיטלען זענען דערלויבט אויף אַרויסצורופן ביי אים די דאָזיקע געפילן. (אָט דער עלעמענט אגב האָט אויך דאָמינירט אין דער שוין דערמאָנטער וואַכטאַנגאָוו־אויפפירונג פון „פרינצעסין טוראַנדאָט").

איז אַלזאָ פאַרשטענדלעך, פאַרוואָס אויך אונדזערע קאָמעדיאַנטן האָבן אויף זייער אייגנאַרטיקן אופן זיך באַמיט אַרויסצוברענגען די דערמאָנטע עלעמענטן ביים פאָרשטעלן די פּורים־שפּילן.

## דאָס צופּאַסן זיך פון די פּורים־שפּילער צו זייער אוידיטאָריע

די פּורים־שפּילן האָבן זיך געטיילט אויף צוויי טיפּן פאָרשטעלונגען. איינע, אַזוי צו זאָגן אַ ליטעראַרישע, פאַרן „בעסערן עולם", פאַרן פיינשמעקער, אָדער פאַר אַזאַ וואָס איז נאָך ביכולת צו אונטערשיידן צווישן ארור־המן און ברוך־מרדכי . . .

דער אויבן ציטירטער פּורים־שפּיל פון מענדעלעס „פּריזיוו" געהערט טאַקע צום דאָזיקן טיפּ.

דער צווייטער אָבער איז שוין געווען פול מיט ניבול פּה, מיט גראָבן ציניזם, מיט עם־הארצות. ס'איז אַפילו דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז ס'זענען פאַרביטן געוואָרן די יוצרות ביי היסטאָרישע געשטאַלטן: המן למשל, ווערט פאָרגעשטעלט אַלס צדיק, אומשולדיקער קרבן, נעבעך, און מרדכי דאַקעגן אַלס רשע און טיפּש.

דאָס איז אָבער געווען אין איינקלאַנג מיטן כאַראַקטער פון פּורים, ווען אַלץ האָט באַדאַרפט זיין פאַרקערט ווי אַ גאַנץ יאָר; ווען אַלץ האָט באַדאַרפט געזען ווערן דורך אויגן, פאַרלאָפענע פון משקה.

נישט בחינם האָט דער פאָלקס־הומאָר געשאַפן דאָס באַרימטע ווערטל: „אַ גאַנץ יאָר שיכור, פּורים ניכטער" — וועלנדיק אָפּלאַכן דעם היפּך פון אַן אָנגענומענעם מנהג אָדער אויפפירונג.

קומט טאַקע דער שדכן, אָדער קאָמיקער פון אַזאַ טיפּ פּורים־שפּיל, גע־

שפילט אינעם 19טן יאָרהונדערט אין רוסלאַנד, און שטעלט פאָר אויף פּאָלגנדיקן אופן אסתרן פאַר אחשורושן:

„זי איז אַ קורצע, אַ גראָבע, אַ גרינע ווי גראָז,
זאָל ביי אייך געשוואָלן ווערן ביי ביידע די נאָז.
זי איז אַן אמתע עקרת הבית אין שטוב:
מיט דעם אַרבל שוימט זי אַראָפּ דאָס טעפּל
און מיט דעם פאַרטוך קערט זי די שטוב.
און אַז זי דאַרף איינהייצן דעם אויוון און פאַרבעטן דאָס בעט,
פאַרבעט זי דעם אויוון און הייצט איין דאָס בעט.
דער טאַטע איז אַ גנב, אַזש פונדאַנען ביז סיביר,
און די מאַמע געפינט זיך אין דעם פיינעם אָרט אינאיינעם מיט איר.
איז אייך געפעלן?
וועט מען אייך באַנקעס שטעלן."

אין אַן אַנדער וואַריאַנט ווידער שטעלט המן פאָר מרדכין אויף אַזאַ אופן:

„פאָטער קעניג. עס איז דאָ דער יידישער שדכן,
דער פּוס־ייד מרדכי:
אַ שלעפּער, אַ בעטלער, ווו אַ חתונה, ווו אַ ברית
דאָרטן האָט ער נישט געפעלט,
און אַ טעלער געשטעלט.
אַ פּאָרטרעט אויף אים צו קוקן
אַ האָרב אויפן רוקן,
אין דער ערד טוט ער קוקן.
נאָך אַ סימן וועל איך אייך זאָגן:
מ'האָט נישט לאַנג אים באַנקעס געשטעלט צום רוקן.
מרדכי, דאָ פּאַנאַ.
מרדכי: טשאַסו ניעמאַ.
המן: צאָ ראָבישׁ?
מרדכי: לאָקשן קאַטשאַיו . . ."

און אָט ווי אַזוי מרדכי שדכנט אינעם דאָזיקן וואַריאַנט אסתרן:

„איך וועל דיר געבן אַ מיידעלע
אין ערטער גרין, אין ערטער געל,
דערצו אַ פּאָרטרעט,

כאָטש מיט די פּיס צעטרעט.
אַ קולאַק אַנטקעגן אַ קולאַק,
אַ געשוויר אייך ביידן אין באַק.
היינט האָט זי אירע בגדים של חול —
זאָל אייך, מיינע קינדערלעך, אַרויס די זעל.
היינט האָט זי יום־טובדיקע בגדים —
קאַדאָכעס מיט כשרע פּאָדעם;
שטרויענע הויזן
מיט דראָט באַצויגן,
אַ פּלאַץ אויפן וואַסער,
אַן אָרט אויפן בית החיים.
ק'טשערטיאַם וואַשים אַבאַאַים."

נאָך אַזאַ פאַרשטעלן אסתרן, האָט זי, נישט געקוקט אויף די אַלע חסרו־נות, נושא־חן געווען בא אחשורושן אין די אויגן און ער איז זי מקדש. די דאָזיקע סצענע הויבט מרדכי אָן אויף פאָלגנדיקן אופן:

„אין אַ גוטע שעה
זענט איר ביידע דאָ,
זעצט זיך אַנידער ביידע,
איך בין אייער אַן אַלטער זיידע.
נו, לייענען די תנאים?
אלה התנאים.
איר זענט ביידע גרויסע גוים;
אלה הבגדים,
קאַדאָכעס מיט כשרן פּאָדעם.
נדן גיב איך ק"ן שאָק רוחות,
אַ דירה אין הקדש,
מזונות — אין די הייזער,
אַ פּלאַץ אויף דעם בית־החיים,
און הכל שריר וקים.
הערט, קינדער, זאָגט מיר נאָך וואָרט ביי וואָרט,
וועט זיך אייך זעצן אַ מכה אויפן גוטן אָרט.
איך בין אייך מקדש
ביידע פּלעקענער:

הרי —
דיר, מיין קינד, א מכה
און דעם בורדיוק — צוויי.
נאָך אַמאָל: הרי,
זאָל אייך זיין ווינד און וויי.
את —
זאָל אייך שטשיפּען דער קאַט.
— וואָס עפּעס דער קאַט?
— ווייל ער שטשיפּעט בעסער.
מקדשת,
יאַק סאָבאַקאָ ברעשעש.
לי,
דאַרפסטו ליגן אין הקדש, ליג הי.
בטבעת —
ווערן זאָלט איר געשוואָלן ווי א פּאַס.
כדת משה וישראל —
א כפּרה זאָלט איר ווערן פאַר מיר און פאַר כל־ישראל.״

אַט די דאָזיקע מיני שפּילן זענען געוואָרן שטאַרק באַליבט ביים נישט־איבערקלייבערישן עולם, וועלכער האָט שוין געהאַט געגנוג ערנסטקייט ביי דער מגילה אין שול, דאַקעגן אין שטוב, ביי דער שמחה, האָט ער געזוכט די חיי־שעה פון לצנות.

זענען טאַקע די ערנסטע „ליטעראַרישע״ אחשורוש־שפּילן צו ביסלעך אַרויסגעשטויסן געוואָרן פון דעם פּורים־רעפּערטואַר און מען פלעגט זיי אויפפירן ביי אַנדערע, „ניכטערע״ געלעגנהייטן.

מיר זעען אַלזאָ אין די דאָזיקע שפּילן בולטע סימנים פון דעם אַזוי גערו־פענעם „שונד״, וועלכער האָט פאַר די לעצטע צענדליק יאָרן באַהערשט דאָס יידישע טעאַטער, ספּעציעל אין אַמעריקע, און האָט אויך אין א גרויסער מאָס גורם געווען זיין ירידה.

דער אורשפּרונג פון דעם דאָזיקן שונד־טעאַטער געפינען מיר שוין בעת דער רוימישער אָקופּאַציע אין ארץ־ישראל און אונדז וועט נאָך אויסקומען דאָס צו דערמאָנען באריכות, ווען מיר וועלן שמועסן וועגן דער מאָדערנער תקופה פונעם יידישן טעאַטער.

ז י ג מ ו נ ט  ט ו ר ק אָ ו ו

# פורים־שפּילן אין XVIII יאָרהונדערט

אין אָנהויב פון 18טן יאָרהונדערט טרעפן מיר שוין פּראָפעסיאָנעלע פּורים־שפּילער, וואָס האָבן צוליבן גרויסן דערפאָלג פון זייערע פאָרשטעלונגען געפּרוּווט צו שאַפן סטאַביל טעאַטער. צוליב טאַקטישע טעמים אָבער האָט דאָס נאָך אַלץ געמוזט טראָגן די שילד פונעם יום־טוב פּורים אָדער חנוכה און עס איז געשפּילט געוואָרן דעם גאַנצן חודש, ד. ה. צוויי וואָכן ערב יום־טוב און צוויי וואָכן נאָך אים.

פאַרשטייט זיך, אַז אין אַזאַ פאַל האָט שוין נישט געקאָנט אַלע נאַכט געשפּילט ווערן די זעלבע אחשורוש־שפּיל און אונדזערע פּורים־שפּילער האָבן איינגעפירט אַ פאַרשידנאַרטיקן שפּיל פּלאַן. דאָס איז געווען דאָס ערשטע אַזוי גערופענע „רעפּערטואַר־טעאַטער" ביי יידן, ווען יעדן אָוונט איז געשפּילט געוואָרן אַן אַנדער פּיעסע.

קיין מאַנגל אין־עם דאָזיקן רעפּערטואַר איז נישט געווען, ווייל פאַר דער צייט האָט זיך שוין באַוויזן אָנצוזאַמלען אַ היבשע צאָל פון פאַרשידנאַרטיקע פּיעסעס, וואָס זענען געשפּילט געוואָרן ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן.

צו די פּאָפּולערסטע פון די דאָזיקע שפּילן האָבן געהערט:

עקדת־יצחק־שפּיל, מכירת־יוסף־שפּיל, יציאת־מצרים־שפּיל, שמואל און שאול־שפּיל, גלית־שפּיל, חכמת־שלמה־שפּיל, יונה־שפּיל, חוץ אַ גאַנצע רייע „מאָראַלישע" דיאַלאָגן, חתן־כּלה־שפּילן, מאַן און ווייב־שפּילן, ווי אויך סאָלאָס, קאָר־געזאַנגען און אינטערמעדיעס, מיט וועלכע די דאָזיקע שפּילן זענען געווען דורכגעפלאָכטן.

לאָמיר זיך באַקענען מיט אַזאַ עקדת־יצחק־שפּיל, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ פּראָלאָג, צוויי אַקטן, אינטערמעדיע און עפּילאָג און איז געשפּילט געוואָרן ביזן סוף פון 19טן יאָרהונדערט אויף דער פּוילישער פּראָווינץ.

אינעם פּראָלאָג באַווייזט זיך דער לויפער אין געשטאַלט פון אַ מלאך און באַגריסט אויפן אָנגענומענעם שטייגער דעם עולם, רופט אַריין אברהמען און הייסט אים צוגרייטן זיין זון. ס'באַווייזט זיך אברהם און ווענדט זיך צום מלאך:

א ב ר ה ם:

איך אברהם, בין אין דרויסן געשטאַנען,
האָב איך געהערט אַ קול מיט אַ געשריי,
איבער דעם טוט מיך מלאך מיכאל פאַרלאַנגען.
אָ, מלאך מיכאל. וועלכן טוסטו מיינען,
צי ישמאלן דעם גרויסן, צי יצחקלען דעם קליינעם?

שמועסן וועגן טעאטער

מ ל א ך :

אברהם, אברהם. מיינע רייד זאָלן גיין אין דיינע אויערן אריין,
גאָטס געבאָט זאָלסטו נישט משנה זיין.
אברהם, אברהם, טוסט מיך פרעגן, וועלכן זון איך מיין ?
דער אויבערשטער האָט געהייסן דעם שענסטן און בעסטן זון,
דו זאָלסט מיט אים צום בארג מוריה גיין.
דאָרטן וועט ער באווייזן א גרויס וווּנדער,
דו זאָלסט נישט לאַנג שמועסן, ווייל דו וועסט באַצאָלן שטראָף פאַר
יעדן וואָרט באַזונדער.

2 - ט ע ס צ ע נ ע

שטן און יצחק.

ש ט ן :

איך שטן, טו אויף דער גאַנצער וועלט ארומשוועבן,
כ'האָב געהערט: אברהם וויל זיין זון יצחקן פאַר א קרבן געבן.
(ער ווענדעט זיך צו יצחקן)
אך, מיין ליבער, הארצעדיקער ברודער יצחק-לעבן,
איך וויל דיך בעטן צום קרבן מזבח נישט צוטרעטן.

י צ ח ק :

אוי, דו שטן, דו שטן. ווי קענסטו אזעלכענע רייד זאָגן.
צי האָסטו נישט, צי האָסטו נישט געזען,
ווי מען האָט דאָס האָלץ מיטן פייער, מיטן וואסער אויף דער עקידה
געטראָגן ?
מיין מוטער שרה, מיין מוטער שרה האָט געטון צו מיין אלטן פאָטער
ווינקען :
אברהם, אברהם, זאָלסט זען, מיין זון יצחק-לעבן אין חדר אָנצודינגען.
מיין מוטער שרה, מיין מוטער שרה האָט מיך געפירט אין א באַזונדער
חדר,
זי האָט מיך אָנגעקליידט, זי האָט מיך אָנגעקליידט אין די שענסטע און
בעסטע קליידער,
זי האָט געזאָגט, זי האָט געזאָגט :
גיי, מיין קינד, בלייב געזונד.
ווער ווייסט, צי מען וועט זיך נאָך זען מער,
ווי דעם היינטיקן טאָג ?

כ׳בין געקומען אויף יענעם עולם,
בין איך געבליבן ביז, האלדז אין וואסער שטיין,
אלץ איבער זייערע אָנשטעלן,
אלץ איבער זייערע אָנשטעלן,
האָבן זיי מיך געטון פראגן,
אצינד איז געקומען די ליבע צייט ודוי צו זאָגן:
פאר איין קרבן גיי איך
מיט מיין הארץ און מיט מיין גאנצן לייב.
פאר איין קרבן גיי איך,
כ׳האָב אזא אידל געשטאלט.
פאר איין קרבן גיי איך,
כ׳האָב קיין שום קינד און ווייב.
פאר איין קרבן גיי איך,
כ׳בין נאָך קיין 34 יאָר נישט אַלט.
(ער זעצט זיך אַנידער, דער שטן לייגט זיך אים צו זיינע פיס.)

איצט קומט די אינטערמעדיע, די צווישן־שפיל, אויף צו כאפן אָטעם צווישן איין ערנסטן אקט און דעם צווייטן.

די אינטערמעדיע פירן אויס אברהם און דער שטן.

אברהם: רב קרוב, רב כלב, וואָס ליגט איר דאָ?

שטן: כאַ, כאַ, וואָס איך ליג דאָ? ס׳איז געווען א דינסט,
א שלימזלניצע, האָט זי אויסגעקערט די שטוב, האָט זי געלאָזט
ליגן א שטרוי, בין איך געפאלן, ליג איך דאָ.

אברהם: (גיט אַ טופּע מיטן פוס) רב קרוב, רב כלב, וואָס ליגט איר פאָרט דאָ?

שטן: אין באַ־אַ־אַ־ד אריין.

אברהם: זענט איר א בעדער?

שטן: וואָס, האָ? איך בין א בעדנער.

אברהם: מאכט איר שעפעלעך, צי באשלאָגט איר?

שטן: איך מאך.

אברהם: וואָס?

שטן: שעפעלעך, שקאַפּקעס, וואנעס, באדיעס. אייך אויך א באדיע?

אברהם: אָבער רב קרוב, רב כלב, וואָס ליגט איר פאָרט דאָ?

שטן: אין שול אריין.

אבהם: זענט איר א שאמעס?

שטן: וואָס? האָ? איך בין א שא־שא־שאמעס.

אברהם: איר זענט אַ שאַ־שאַ־מעס, זאָגט זשע מיר, ווען די תקופה איז געפאַלן?
שטן: ווען די קו איז געפאַלן?
אברהם: ניין, ווען די תקופה איז געפאַלן.
שטן: שאַט־זשע. כ׳ווייס. יעצט וועל איך אייך זאָגן, ווען די תקופה איז געפאַלן:
די תקופה איז געפאַלן 15 טאָג אין תמוז און 4 טאָג אין תשעה־באב,
איז אַרויסגעגאַנגען אַן אַלטע יידענע, האָט זי צעבראָכן דריי ביינער:
צוויי אין רוק, און איין ביין אין אַרזש...
אברהם: זי איז גוט געפאַלן.
שטן: איר זאָלט בעסער פאַלן.
אברהם: שלום עליכם.
שטן: עליכם שלום.
אברהם: ווער זענט איר פאַר איינער?
שטן: איך בין אַ שלייפער.
אברהם: אַ שלאָפער? גייט אין הקדש אַריין.
שטן: ניין. איך בין אַ שליי־יי־פער.
אברהם: סאָרט שטיינער האָט איר?
שטן: גראָבע, דינע, דינע־גראָבע שטיינער, באַרגער,
גריבער, לעבער — אין אייער האַרץ. וואָס האָט איר צו שלייפן?
אברהם: אַ חלף. וויפל ווילט איר פאַרן שלייפן? נאָט אייך 7 און 8.
שטן: ניין, ס׳קאָסט 15 גראָשן.
אברהם: נאָט אייך 9 און 6.
שטן: ניין, ס׳קאָסט 15 גראָשן.
אברהם: נאָט אייך 66 און 88 און שלייפט. (ער גיט דעם שטן דעם חלף).
שטן: (שלייפט) ס׳ס׳ס. (האַלט דאָס מעסער בײַם מויל, פירט דערמיט אַהין און
אַהער, גיט איבער אַברהמען דעם חלף)
אברהם: (נעמט דעם חלף) שטיינער, באַרגער, גריבער, לעבער אין אייער האַרץ.
ס׳טויג נישט.
שטן: (נעמט דאָס מעסער צוריק און חזרט איבער דאָס זעלבע) ס׳ס׳ס.
(און גיט איבער אַברהמען דאָס מעסער)
עס ענדיקט זיך די אינטערמעדיע און ס׳הויבט זיך אָן דער צווייטער אַקט,
ווידער ערנסט.
אברהם:
קום אַהער, יצחק־לעבן, מיין ליב קינד,
קום אַהער, גיך און געשווינד.

וועל איך דיך פאַר אַ קרבן ברענגען.
קום אַהער מיין קינד, בויג אַרויס דאָס קעפּעלע,
וועל איך דיך בענטשן מיט אַ ריינער ברכה.

מלאך: (כאַפּט אברהמען דאָס מעסער פון הינטן.)
אברהם, אברהם, דו וועסט קיין שחיטה נישט טון.
דו וועסט דיין זון יצחק־לעבן גאָרנישט טון...

יצחק: (הויבט זיך אויף פון דער עקידה און זינגט):
כ'וועל נישט שטאַרבן, נאָר לעבן,
אַ שבח צו גאָט אָפּצוגעבן.
טראַ־לאַ־לאַ, טראַ־לאַ־לאַ.
עפנט זיך אויף די טיר פון אויבן
וועל איך גיין גאָט לויבן.
טראַ־לאַ.

Karaj mnie Bóg, ach karaj
Aby śmierci nie dawaj *)

טראַ־לאַ.

Żyje Bóg żywy w niebie
Pójdziemy chwalić Ciebie **)

טראַ־לאַ.

Nie chcę umierać, tylko żyć,
Pana Boga pochwalić ***)

טראַ־לאַ.

אברהם:
אַך, מיין זון, אַך מיין זון יצחק־לעבן
אפשר האָסטו אין זינען,
אפשר האָסטו אין זינען,
פון היר די מצווה אָוועקצוגעבן?

יצחק:
אַך, ניין. אַך, ניין: מיין ליבער, האַרצעדיקער פאָטער,

---

*) שטראָף מיך גאָט, אָ שטראָף,
אָבער גיב מיר נישט קיין טויט.

**) דער לעבעדיקער גאָט לעבט אין הימל,
מיר וועלן דיך גיין לויבן.

***) איך וויל נישט שטאַרבן, נאָר לעבן,
דעם הער גאָט לויבן.

איך טו זיך צו איצט אזוי ווינקען,
צי וואָלט דען נישט קראַנטער געווען
אין פייער פאַרברענען אַ קרבן צו גאָט,
איידער אין וואַסער דערטרינקען.
און די שפּיל פאַרענדיקט זיך מיטן טטרעאָטיפּישן עפּילאָג, וועלכן ס'זינ־
גען אַלע צוזאַמען:
שפּעט געקומען,
גוט געמאַכט,
אַהער די פּאָר גראָשן,
אַ גוטע נאַכט.

* * *

זאָל אייך נישט חידושן, וואָס אויך דער „ערנסטער" רעפּערטואַר ווערט דורכגעפלאָכטן מיט לצנות, קללות און סתם אבסורדן.

איז דאָך דאָס געווען אַ באַשטאַנדטייל פון דער אייראָפּעאישער פאָלקס־דראַמאַטיק. אָן אָט די קאָמישע אינטערמעדיעס, קאָמענטאַרן פונעם ליץ און אַנדערע מיטלען אויף אַרויסצורופן געלעכטער, איז דאָך נישט געמאָלט געווען קיין טעאַטער־פאָרשטעלונג.

האָט דאָך דער גרויסער שעקספּיר געמוזט איינגיין אויף ענלעכע קאָמפּראָ־מיסן און זיך צופּאַסן צום געשמאַק פונעם עולם, אַריינפירנדיק שפּאַסמאַכערס און לצים צווישן איין טראַגישער סיטואַציע און דער צווייטער.

אָט טרעפן מיר דאָך אין „מאַקבעט", למשל, אינמיטן פון דער העכסטער טראַגישער געשפּאַנטקייט אַ לעקציע וועגן דער וויכטיקייט פון... משתין זיין, וואָס ווערט געהאַלטן פון אַ קאָמישן וועכטער.

אָט טרעפן מיר אין שילערס „רויבער" דעם שלים־מזלדיקן גלח, וואָס רופט אַרויס געלעכטער צווישן סצענעס פון געהויבענער פּאַטעטיק.

שוין ביים שוועל פונעם איצטיקן יאָרהונדערט האָבן נאָך גרויסע רוסישע טעאַטערס נאָך יעדער ערנסטער פאָרשטעלונג געגעבן אַ פריילעכן וואָדעוויל, כדי דער עולם זאָל נישט אַוועק פון טעאַטער מיט אַ „שווער געמיט".

ס'געדענקט זיך מיר נאָך גוט, ווי פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה פלעגט דאָס יידישע טעאַטער אין וואַרשע נאָך יעדער פאָרשטעלונג צוגעבן אַן אַזוי גערו־פענעם „דיווערטיסמענט", וואָס איז באַשטאַנען פון סקעטשן, מאָנאָלאָגן, קופּלעטן און טענץ.

האָט אַלזאָ דאָס דורכפלעכטן די ערנסטע פּורים־שפּילן מיט קאָמישע אינ־

טערמעדיעס און אימפּראָוויזאַציעס פאַרגעשטעלט מיט זיך אַ קאָנצעסיע פאַרן עולם. טעאַטער, אַלס פאָלקס־אינסטיטוציע, האָט זיך געמוזט רעכענען מיטן געשמאַק און געמיט־צושטאַנד פון די, פאַר וועמען ער איז באַשאַפן און וועלכע ער האָט נישט קיין עקזיסטענץ־באַרעכטיקונג.

ס'איז אָבער געווען אַ חילוק צווישן די קאָמישע סצענעס ביי די וואָלגאַרע פּורים־שפּילן און ביי די ערנסטע.

דער הומאָר אין די „ליטעראַרישע" פּורים־שפּילן איז טאַקע באַשטאַנען פון לצנות, אַבסורדן, אַפילו פון קללות, אָבער נישט פון ניבול־פה און אויסגעלאַסנקייט, וואָס איז געווען אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר די פּאָפּולערע פּורים־שפּילן.

* * *

די פּאָפּולאַריטעט פון די פּורים־שפּילער איז געווען אַזוי גרויס, אַז אַפילו אַ נישט יידישער עולם, ספּעציעל אין דייטשלאַנד, פלעגט באַזוכן זייערע פאָרשטעלונגען, וואָס ס'איז צו דרינגען פון די אָפטע ווענדונגען פונעם פּאַיאַץ צו די „הערן יידן און קריסטן".

דאָס האָט גורם געווען אַ געוויסן צופּאַסן זיך צו אָט די פרעמדע באַזוכער און צוליב דעם טאַקע פלעגט מען דורכפלעכטן די יידישע טעקסטן מיט פרעמד־שפּראַכיקע וויצן און גאַנצע סצענעס אַפילו. אַזוי האָבן זיך אויך צוגעפּאַסט אונדזערע שפּילער אין די סלאַווישע לענדער צו זייערע שכנים, אויף וואָס ס'זאָגט עדות די שטעלע אין פּויליש אינעם פריער ציטירטן „עקידת־יצחק־שפּיל".

ס'איז אגב געווען אין דער מאָדע אין אַלע אייראָפּעאישע טעאַטערס פון יענער צייט דורכצופלעכטן די אַקציע מיט וויצן און אַפילו גאַנצע דיאַלאָגן אין לאַטיין, לויטן דאַזיקן מוסטער פלעגן זיך אונדזערע שפּילער באַניצן מיט העברע־איש, — דאָס פלעגט אָבער געשען אין די פּורים־שפּילן וואָס זענען אויסגעפירט געוואָרן דורך ישיבה־בחורים און וויללערנער.

איך געדענק ווי אין דער דייטשער אָקופּאַציע פון פּוילן, בעת דער ערש־טער וועלט־מלחמה, האָבן געוויסע ערנסטע טעאַטערס באַמיט זיך צו פאַרבייטן אַלע העברעאישע ווערטער אויף דייטשע און מען פלעגט אַפילו אַנגאַזשירן דייטש־רעדנדיקע אַקטיאָרן, כדי די פאָרשטעלונגען זאָלן זיין „צוגענגלעך" פאַר די דייטשן, וועלכע פלעגן דאַן באַזוכן ס'יידישע טעאַטער. „פאַר זייער געלט דאַרפן זיי פאַר־שטיין וואָס מען רעדט" — איז געווען דער דעוויז פון אַ געוויסן טעאַטער־דירעקטאָר פון יענער צייט.

דאַקעגן די פּירים־שפּילן, וואָס זענען דערשינען אין 18טן יאָרהונדערט

אין העברעאיש, האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט דער דערהויבנקייט פון זייער סטיל און ריינקייט פון שפּראַך און אינהאַלט. זיי זענען געווען שטאַרק באאיינפלוסט פונעם פראַנצויזישן דיכטער ראַסין און זיין באַרימטע פּיעסע „אסתר" איז טאַקע פיל מאָל איבערזעצט אין באַאַרבעט געוואָרן פון פאַרשידענע העברעאישע אַנאָנימע און באַקאַנטע דיכטער.

ווען דער פרעמדער עולם האָט אַלזאָ אָנגעהויבן געשמאַק צו באַזוכן די געטאָ־פאָרשטעלונגען, האָט דאָס אַרויסגערופן אַ רעאַקציע ביי די קריסטלעכע שפּי־לער און זיי איז תיכף צו הילף געקומען די קירך, וועלכע האָט שוין געפונען אַ געהעריקן פּרעטעקסט די יידישע פאָרשטעלונגען צו פאַרווערן.

## משה לוצאַטאָ און אַנטאָניאָ זשאָזע דאַ סילוואַ

דאָס פאַלן פון דער שבתי־צבי באַוועגונג, די שטאַרקע אַנטוישונג און פאַרביטערונג ביי די יידישע מאַסן, האָט אַרויסגערופן אַ ראַדיקאַלע ענדערונג אין זייער געמיט־צושטאַנד און אין זייער באַציאונג צו יידישקייט.

ס'איז געוואָרן ענג און האָפענונגלאָז פון די באַגרעניצונגען, דינים, פאַר־באָטן און לאַסטן, מיט וועלכע די רעליגיע האָט באַשווערט זייער לעבן.

שבתי־צבי האָט זיי געמאָלן אַ לעבן מחוץ די מויערן פון געטאָ, תענוגים און פרייד, וואָס זענען ביז איצט געווען פאַרהוילן פון זייער אויג דורך לאַוון און פאַרבאָטן פון תלמוד.

און הגם שבתי־צבים באַוועגונג איז געפאַלן, זענען אָבער שפּורן פון אים טיף אַריינגעדרונגען אין דער פאָלקס־מענטאַליטעט און גאָר גיך געגעבן ממשות־דיקע רעזולטאַטן. מיטן אָנקומען פונעם 18טן יאָרהונדערט הויבט זיך אָן אַ פּי־בערהאַפטע באַוועגונג אויף אַלע געביטן פון יידישן לעבן און שאַפן.

זעלבסטפאַרשטענדלעך אַז די דראַמאַטישע באַוועגונג שפּיגלט זיך אויך אָפּ אויפן טעאַטער. די מאַסן זוכן זיך צו פאַרגעסן, זוכן אַן אַנטשעדיקונג פאַר דער איבערגעלעבטער אַנטוישונג און חרפּה.

די שול קאָן זיי שוין די דראַמאַטישע אַנטשעדיקונג אין דער פּולער מאָס נישט געבן. זוכן זיי זי אינעם טעאַטער און געפינען זי טאַקע.

עס מערקן זיך אומעטום, ווו יידן געפינען זיך, די פאָרשטעלונגען פון פּורים־שפּילער. גלייכצייטיק באַווייזן זיך אַ גאַנצע ריי איבערזעצטע, אַדאַפּטירטע און אָריגינעלע טעאַטער־שטיק.

אויף דער אייראָפּעאישער בינע טריאומפירן: שעקספּיר, מאָליער, קאַלדע־

האָן. זיי האָבן געדינט אַלס מוסטער פאַר דראַמאַטיקער פון אַלע פעלקער און אויך אונדזערע יידישע דיכטער האָבן געשעפּט פון זיי יניקה.

באַווייזט זיך מאַקע אין איטאַליע משה חיים לוצאַטאָ, וועלכער שרייבט אָן אין 1724 יאָר זיין ערשטע דראַמע אין העברעאיש אונטערן נאָמען „שמשון ופלישתים". דער דאָזיקער הויך־טאַלענטירטער בעל־חלומות און מיסטיקער איז פאַר זיין אינטערעס צו קבלה אַריינגעלייגט געוואָרן אין חרם דורך די איטאַליענישע רבנים און פאַרפאָלגט געוואָרן פון זיינע אַמאָליקע פריינט.

דאָס האָט אָבער נישט געבראָכן זיין גייסט און נישט געשטערט אים ווייטער זיך אָפּצוגעבן זיין אידעאַל — דער טעאַטער־דיכטונג. ער שאַפט טאַקע מייסטערווערק, פון וועלכע זיין לעצטע דראַמע „לישרים־תהילה" שטעלט אים אַוועק אין דער ריי פון זיינע גרויסע אייראָפּעאישע מיטציייטלער.

גלייכצייטיק באַווייזט זיך אין פּאָרטוגאַל דער מאַראַן אַנטאָניאָ זשאָזע דע סילוואַ, גערופן „דער ייד — "O Judeu"", איינער פון די גרעסטע פּאָרטוגעזישע דיכטער און דער גרעסטער רעפּרעזענטאַנט פון דער ספרדישער דראַמאַטיק.

אין זיין קורץ לעבן האָט ער באַוויזן אָנצושרייבן אַ גאַנצע ריי פּיעסעס, וועלכע האָבן אים געשאַפן אָן ערשט אָרט צווישן די קלאַסיקער פון דער פּאָרטוגעזישער ליטעראַטור און אומשטערבלעכקייט אין טעאַטער.

פון זיינע שאַפונגען זענען דערגאַנגען צו אונדז 8 פּיעסעס, אַזוי גערופענע „אָפּעראַס", וואָס זענען צום ערשטן מאָל אָפּגעדרוקט געוואָרן אינעם זאַמלבוך "Teatro Cómico Portuguez" אינעם יאָר 1744. די באַרימטסטע פון זיי זענען: „אַמפיטריאָן", „עזאָפּוס", „מעדעאַס כישוף" און „דאָס לעבן פון דאָן קיכאָט".

הגם דע סילוואַ האָט גייסטיק געהערט צו דער פּאָרטוגעזישער קולטור, איז ער דאָך פול געווען מיט ווערדע און שטאָלץ צוליב זיין יידישן אָפּשטאַם און די ספרדישע יידן הייליקן טאַקע דעם אָנדענק פון זיין טראַגישן טויט.

געבוירן אין יאָר 1705 אין ריאָ דע זשאַנעירא, איז ער געצוווּנגען צוליב די אינקוויזיציע־פּראָצעסן קעגן זיין פאַמיליע אויסצוּוואַנדערן פון בראַזיל און זיך צו באַזעצן אין ליסאַבאָן. דאָרט ווערט ער אָנגעקלאָגט אין כלומרשטער פּראָפּאַגאַציע פון קריסטלעכן גלויבן, וואָס די אינקוויזיציע האָט אויסגעפונען אין איינע פון זיינע „אָפּעראַס". נאָך אַ גאַנצער ריי פּראָצעסן ווערט ער דורך דער הייליקער אינקוויזיציע פאַרמשפּט צום פאַרברענען.

ס'האָט נישט געהאָלפן קיין שום אינטערווענץ פון הויכגעשטעלטע לייט און גייסטיקע פירער פון לאַנד: אין יאָר 1739, דאָס הייסט, אין עלטער פון 34



אנטאניא זשאזע דא סילווא

יאר איז אנטאניא זשאזע דא סילווא „דער ייד", פארברענט געווארן אין ליסאבאן אונטערן קלאנג פון קירכן־גלאקן.

אין דער זעלבער צייט איז אונטער די קלאנגען פון פריילעכער מוזיק געשפילט געווארן אין שטאטישן טעאטער דעם יידס אן „אפערא".

דאס לעבן, שאפן און מארטיראלאגיע פון אנטאניא זשאזע דא סילווא האט אגב אינספירירט א צווייטן מארטירער, דעם יידישן דיכטער אלטער קאציזנע אנצושרייבן אין יאר 1936 א טראגעדיע אונטערן נאמען „דעם יידס אפערע".

איך האב די פיעסע געהערט לייענען פון מאנוסקריפט פונעם מחבר, צוליב צענזור־טעמים אבער אינעם דעמאלסדיקן פוילן האבן מיר זי, ליידער, נישט געקענט אויפפירן. אין 4 יאר ארום, ווען דעם „יידס אפערע" האט געזאלט געשפילט ווערן אין אייניקע יידישע טעאטערס אין ווייסרוסלאנד און אוקראינע, איז היטלער באפאלן דעם ראטנפארבאנד און קאציזנע איז געפאלן פון די נאצישע מערדער.

סארא מערקווירדיקע ענלעכקייט אינעם טראגישן סוף פון די צוויי קדושים.



אלטער קאציזנע

ז י ג מ ו נ ט  ט ו ר ק א ו

# „גלית הפלישתי - שפיל"

מיט אנטאָניאָ זשאָזע דא סילוואַ ענדיקט זיך דאָס גלאָריע־רייכע בלעטל פון דער ספרדישער תקופה אין דער יידישער דראמאטיק און ס'הויבט זיך אָן אַן אויפלעבונג אויפן דאַזיקן געביט אין מזרח און צענטראַל־אייראָפּע.

פון דער היבשער צאָל געדרוקטע פּורים־שפּילן, וואָס זענען צו אונדז דער־גאַנגען פון יענער צייט, איז צו זען, אַז די צאָל וואַנדער־טעאַטערס איז געווען אַ גאַנץ באַדייטנדיקע.

די דאָזיקע טעאַטערס האָבן געהאַט צוויי קורצע שפּיל־סעזאָנען אין יאָר: אַ חנוכה און פּורים־סעזאָן. אין דער איבעריקער צייט פלעגן די פּראָפעסיאָנעלע שפּילער ציען זייער חיונה ביי געלעגנהייטן פון פאַרשידענע פאַמיליען יום־טובים און סתם שמחות. דער עַנגעזעענסטער פון דעם דאָזיקן טיפּ טעאַטערס איז געגרינדעט געוואָרן אינעם יאָר 1711 פון אַ געוויסן בערמאַן פון לימבורג און ס'איז געווען טעטיק אין פראַנקפורט, מעץ, האַמבורג, עלזאַס און פּראָג.

אין פּראָג האָט זיך אויך געפונען אַ סטאַבילע קאָמעדיאַנטן־טרופּע פון ישיבה־בחורים, וועלכע האָבן זיך באַרימט געמאַכט מיטן רייכן אינהאַלט און פּאָעטישן טעקסט פון זייערע פּיעסעס.

די דאָזיקע טעקסטן זענען אויך דערגאַנגען קיין פּוילן און ליטע און אַרויס־גערופן אַ שטאַרקן ענטוזיאַזם אין די דאָרטיקע געטאָס.

איינע פון די דאָזיקע פּיעסעס, אונטערן נאָמען: „גלית הפלישתי"־שפּיל איז אַפילו אָפּגעדרוקט געוואָרן אין איניקע וואַריאַנטן.

די דאָזיקע שפּיל זאָגט עדות אויף דער גרויסער עוואָלוציע, וואָס די פאָלקס־דראַמאַטיק האָט דורכגעמאַכט ביזן 18טן יאָרהונדערט און ס'וועט דעריבער זיין אינטערעסאַנט זיך צו באַקענען מיט איר, לויטן טעקסט, וואָס ווערט פאַרעפנטלעכט אין נח פּרילוצקיס זאַמלונגען.

פּ א י א ץ :

איך בין דער פּאַיאַץ פון קעניג שאול אַליין.
זאָ זוייט און אַזוי ברייט, האַ, האַ, האַ.
איך וויל אייך ערציילן ווינדערליכע זאַכן :
די געשיכטע פון קעניג שאול פאַנגט זיך אָן.
איך, גרויס פּאַיאַץ, קאָם שוין אָן . . .

א שיינעם גאָט גיוווינט, א שיינעם גאָט גיוווינט,
מיינע ליבע לייטע.
זייט געדולד, זייט געדולד איינע קאָרצע צייטע.
יידין און קריסטין אין די זייטע,
די געשיכטע פון קעניג שאול אויסצוהערן.
קיין לאַרעם, קיין שטאָרעם, ביטע נישט צו שטערן . . .
די געשיכטע פון קעניג שאול פאַנגט זיך אָן.
איך, גרויס פּאַיאַץ, קאָם שוין אָן.
אריין, אריין, אריין,
קעניג שאול מיט זיינע יעדנערעלין, דו מיין.
אריין, אריין, אריין.
קעניג שאול מיט זיינע יעדנערעלין, דו מיין.
(דאָס זינגען די יעדנערעלין אַלע צוזאַמען. זיי נעמען אַרויס די שווערדן, מאַכן 2 טויערן):

יעדנערעלין:

שפּאַנען מיר, שפּאַנען מיר, טירין, טוירין, טירין,
ברענגען מיר, ברענגען מיר אין קעניג שאול אריינצופירן,
פון אַזאַ ווייטער לאַנד.
אויף זיינעם האַנט —
א גאָלדענע באַנד.
אויף זיינע האָרצע — א גאָלדענע אוהר.
ווינשן מיר אַלע אין קעניג שאול 120 יאָר.

פּאַיאַץ:

אריין, אריין, אריין,
הערין לאָפער, דינער דו מיין.
אריין, אריין, אריין,
הערין לאָפער, דינער דו מיין.

לויפער:

איך שאָלער לאָפער, לאָז מיך אריין.
צו אייך, יעדנערעלין, טו איך בעטין,
איר זאָלט מיך לאָזן צו דעם קעניג שאול אַריינטרעטין.
(עפענען די ערשטע צוויי יעדנערעלין די צוויי שווערדן, וואָס האָבן געמאַכט די טיר, טוט ער ווייטער זינגען):

לויפער:

יעצינד, אז איך בין געקומען צו דעם

קעניג שאולס טיר,
לאָז דער קעניג אַדורכגיין דאָס פּאַפּיר.
(שטעלט זיך דער קעניג אויף דער שטיל און פרעגט):
קעניג:
ווער איז דער שטרייטער פון די יידין?
לויפער:
גרויס איז ער ווי המן,
גלית איז זיין נאָמען,
גלייך וועט ער קאָמען,
דערשרעקן וועט מען זיך פאַר זיין שטאָרעמען מיט זיינע בראָמען.
פּאַיאַץ:
אַריין, אַריין, אַריין,
הערין גלית הפלישתי דו מיין.
אַריין, אַריין, אַריין,
הערין גלית הפלישתי דו מיין.
גלית:
איך בין גלית, דער גרויסער העלד,
פאַר מיר ציטערט די גאַנצע וועלט.
איך בין איינער,
און ווייטער איז קיינער,
איך וועל אייך צוברעכן די גלידער און ביינער.
קעלט און היץ טוט מיר וואַרפין,
איך וועל אויף אייך, יידין, די שווערט שאַרפין.
וואַרפן טוט מיר קעלט און היץ.
אַז איך געב איין טאַמפּע — גייט איין דונער מיט איין בליץ.
ווער זענט איר, און ווער זענט איר,
אַז עטץ גייט שטרייטן מיט מיר?
קיין פיל מיליטער וועל איך צו אייך נישט דאַרפין . . .
נאָר איך אַליין וועל אייך די קעפּ אַרונטערוואַרפן.
שאול:
ווער וועט מיט אים קענען פירין די קריג געניאָ,
וועל איך אים געבין מיין טאָכטער מיכל פאַר איין פראָ.
פּאַיאַץ:
אַריין, אַריין, אַריין,

פרינץ דוד דו מיין.
אריין, אריין, אריין,
פרינץ דוד דו מיין.

דוד:

לאָז דער קעניג שאול נישט אזוי פירכטיק זיין,
איך וועל מיט גלית הפלישתי אין דער שטרייט גיין.
לאָז דער קעניג שאול קיין מורא האָבין:
איך וועל אים באלד באגראָבין.
דער קעניג שאול וועט נאָך לאכן,
אז איך וועל אים דעם קאריג צובראכן.
אין איין האלבע שעה
וועט ער שוין נישט זיין דאָ.
נאָך פויער ווי ער איז געקומען,
וועט ער פון אונדז אוועקשווימען.

שאול:

דוד, דוד, מיין קינד, איך האָב מורא פאר זיין ברומען,
ער זאָל דיך נישט געבעדיקערהייט איינשלינגען.

דוד:

לאָז דער קעניג שאול ליסטיק זיין,
דען איך וועל אים צובראכין, אזוי ווי איין הינט א ביין.
איך, דוד, איך, דוד, ביי מיינעם פאָטער האָבע איך די שאָפע געפיטערט...
ווען איך בין גישלאָפין אויף דעם פעלד,
איז געקומען א ווילדע טירע און האָט מיך געוואָלט באסין, —
האָב איך עס זי געטאָן מיט מיינע הענטלעך צורייסין.
היינט בין איך געקומען פון פעלד,
האבע איך גיהערט, דען צו די יידין איז געקומען איין גראָסער העלד.
ווער איז ער, ימח שמו, גלית?

גלית:

ווער זענט איר, יידין, און ווער זענט איר?
איר אלע וועט זיין אין די הענט ביי מיר.
אזוי איין קליינעם — קליינעם קליין
זאָל אנטקעגן אזוי גרויסין העלד זיך אונטערשטיין?
אזוי א יונגעם — יונגעם בליט
זאָל אוועקגיין פון דער וועלט אין איין אויגנבליק . . .

אַך דו. פּאַרט, פּאַרט פון מיר.
דו קריכסט איין קלאַפּ, פליסט דו צו די טיר . . .
אין איין אויגנבליק
וועט דאָ רינען דיין בליט.

דוד:

פון דיין גרויסן שרייען האָב איך נישט קיין אַנגסט,
דען זכות אבות איזט ביי מיר איינגעפלאַנצט.

גלית:

ווער איז דאָס זכות אָבות?

דוד:

אָבער דער ערשטער פאטער אבראם:
זיינעם האַלזע אויף דעם מזבח שטרעקן טאָן.
ער האָט גיטאָן זיין זון אויף דער עקידה פירין.
אז דו, גלית, זאָלסט פאַלין צו מיינע פיסין.
אזוי אויך ביי דעם ערשטין אויבן אָן,
גייט צו דעם צווייטין, פאַנג איך אָן.

גלית:

ווער איז דאָס דער צווייטער?

דוד:

אָבער דער צווייטער: פאטער איזאַק, ער האט גיטאָן
זיינעם האַלזע אויף דעם מזבח שטרעקן טאן.
זיינעם פרימקייט, זיינעם גוטסקייט
זאָל איך, קליין דוד, דאָס גיניסין,
אז דו גלית, זאָלסט פאַלין צו מיינע פיסין.
אזוי אויך ביי די צוויי פון אויבין אָן,
גיי צו דעם דריטין, פאַנג איך אָן.

גלית:

ווער איז דאָס דער דריטער?

דוד:

אבער דער דריטער: פאטער יאקוב.
ער האָט זיך געטאָן מיט איין ענגיל רינגלען.
זיינעם גיטסקייט, זיינעם פרימקייט זאָל איך, קליין דוד, גיניסין,
אז דו, גלית, זאָלסט פאַלין צו מיינע פיסין.

ג ל י ת:

מיט קיין זכות אבות זאָלסט דו מיט מיר נישט שמיסין און ריידין,
וואָרעם מיט דער בלאַנקער שווערט וועל איך דיר דעם קאָפּ אַרונטערוואַרפין
און שניידין.

ד ו ד:

מיט קיין ביקס און קיין שווערט וועל איך אויף דיר נישט שאַרפין,
נאָר איין קליין שטיינדעלע וועל איך אין דיין קאָפּ אַריין וואַרפין . . .

ג ל י ת (קניט אַנידער אויף דער ערד און זאָגט ודוי):

אשמנו — איך בין געווען איין גרויסער מאַן,
איך האָב יידין שלעכטס געטאָן,
וויל איך היינט תשובה טאָן.

ד ו ד:

וואָס וועט זיין דיין תשובה ?

ג ל י ת:

אַז עס וועט קומען ראש השנה,
וועל איך הרגענען די באָבע שרה.
בגדנו — איך בין געווען א גרויסער מאַן,
איך האָב יידין שלעכטס געטאָן,
וויל איך היינט תשובה טאָן.

ד ו ד:

וואָס וועט זיין דיין תשובה ?

ג ל י ת:

אַז עס וועט קומען יום הכיפּור,
וועל איך עסין א הינדיל מיט פּוטער.
גזלנו — איך בין געווען א גרויסער מאַן,
איך האָב יידין שלעכטס געטאָן,
וויל איך היינט תשובה טאָן.

ד ו ד:

וואָס וועט זיין דיין תשובה ?

ג ל י ת:

אַז עס וועט קומען סוכות
וועל איך יידין אויסשטעכין מיט די פּיקעס.
דברנו דופי — איך בין גיווען איין גרויסער מאַן,
איך האָב יידין שלעכטס גיטאָן.

ווײַל איך היינט תשובה טאָן.

**דוד:**

וואָס וועט זײַן דײַן תשובה?

**גלית:**

אַז עס וועט קומען שבועות
וועט עטץ קריגן דאָס ביטערע רביעות.

**דוד:**

לעבעדיקער גאָט, לעבעדיקער גאָט, וואָס טוט מיר דער רשע־גלית ־מײַנע אבות שענדין!

דערום בעט איך דיך, גאָט, דו זאָלסט אים די אויגן פאַרבלענדין,
ער זאָל זיך נישט וויסין וווּ צו קערין און וווּ צו ווענדין.

(דוד נעמט אַ שטיינדל און וואַרפט גליתן, גלית פאַלט אויף דער ערד טויט. אַזוי ווי גלית ליגט אויף דער ערד, נעמען זיך אַלע ביי די הענט און טאַנצן און זינגען.)

**אַלע:**

אוי, ווי וואָיל, אוי, ווי וואָיל איז אונץ, גאָטס פאָלעק,
אַז מיר זענען שוין פּטור געוואָרין גלית דעם טשאָלעק.
אוי, ווי וואָיל, אוי, ווי וואָיל איז אונץ היינט
אַז מיר זענען שוין פּטור געוואָרין גלית דעם פיינט.
אוי, ווי וואָיל, אוי ווי וואָיל איז אונץ גאָטס קינדער,
אַז מיר זענען שוין גיקומען אויף גלית ווינדער.
(אַלע שלעפּן אַרויס גליתן טויטערהייט.)

**דוד:**

אַזוי ווי דו וועסט דיך נאָר קערין און ווענדין,
זאָלין דיינע פיינט ווערין פאַרלענדין.
(און מען פּאַטשט בראַוואָ).

**פּאַיאַץ:**

אַריין, אַריין,
שאָלער לאָפער דו מיין.

**לויפער:**

די פּלשתים האָבן ביי זייער לעבין גישוואָרין,
אַז די יידן מוזין ווערין היינט פאַרלוירין.
איך האבע געהערט,
אַז זיי טאָן שוין שאַרפין די שווערד . . .

ש א ו ל :
וו ווײ איז מיר.
ניכט אימער שלימער גייט מיר.
ע ר ש ט ע ר י ע ד נ ע ר א ל :
דער קעניג זאָל אייביק לעבין
וועט מען א ראדע געבין.
צ ו ו י י ט ע ר :
א ראדע וועט גוצין — דארף מען,
וועלן אלע שווערדע שארפין.
ד ר י ט ע ר :
אזוי איז נישט גוט,
דען עס וועט רינען אומשולדיק בלוט.
פ ע ר ט ע ר :
עס איז דאָ איין צויבערין,
וואָס זי קען א טויטן פון די ערד האָלין.
ש א ו ל :
לאָז זי קאָמען געך און געשווינט,
לאָז זי אפּברענגען שמואל־הנביא אויס דעם גרוב.
לאָז זי קאָמען געך און געשווינט,
לאָז זי אפּברענגען שמואל־הנביא אויס דעם גרוב.
פ א י א ץ :
אריין, אריין, אריין,
צויבערין, צויבערין דו מיין.
ש א ו ל :
וואָס איז דיר גישיין ?
ווען האסטו דאָרט גיזיין ?
צ ו י ב ע ר י ן :
א מענטש פון דער ערד
אָן ביקס און אָן שווערט,
אין בלויסין העמד —
איז ער פון מיר פרעמד.
פ א י א ץ :
אריין, אריין, אריין,
שמואל הנביא דו מיין.

אריין, אריין, אריין,
שמואל הנביא דו מיין.

שמואל הנביא:

וואס האט אין דיר געציטערט ?
וואס האסטו מיין גן־עדן פערביטערט ?
וואס האב איך דען גיטיען ?
וואס האסטו מיך געטאן באמיען ?
ווען האב איך דען געטאן גזלען געלט ?
וואס האסט דו מיר אפגיבערענגט אויף אזוי א פאלשער וועלט ?
פון וועמען האב איך דען שוחד גינומען,
וואס דו האסט מיך אהער באקומען ?
אויף וועמען האב איך דען געטאן שלעכט קוקין,
וואס דו האסט נאך מיר געטאן שיקין ?
ווייל דו האסט נישט עמלקן דערשלאגין,
איבער דעם וועסט דו מוזין יאמערין און קלאגין.
היינט בין איך ביי דיר,
מארגין וועסט דו זיין ביי מיר.
(דער קעניג פאלט אין חלשות)

פאיאץ:

אריין, אריין, אריין,
הערין דאקטאר דו מיין.

דאקטער:

די איללע —
צו די ברילע,
די פלאשע,
צו די טאשע.
און ווי א־הין
זאל זיין די מעדיצין ?
און ווער איז דאס, וואס איז שלאף,
איך זאל אים געבין קראפט ?
און ווער איז קראנק ?
געץ די באנק,
וועל איך באטראכטען
אויב עס איז נישט פון נעבטין ?

אויב ער איז דערשראָקן פון קלערין,
וועל איך אים באַהערין,
אויב ער איז נישט געבראָכין,
אויב גישטאָכין.
(דער דאָקטאָר באַטראַכט גוט שאול המלך.)

דאָקטאָר:

דער קעניג שאול איז טויט.
(איין יעדוועדאל הויבט אָן צו באַקלאָגן דעם קעניג שאול: דאָס איז דאָס זון יהונתן).

יהונתן:

אַ שטעכין און אַ ברעכין האָט מיך אָנגענומען אין מיינע זייטין,
אַז איך וועל נישט קענען מיט די פּלשתים שטרייטין.
וואָס איז מיר צוגיקימען?
און ווי פּלינק ביסטו געוואָרן אַוועקגענומען.
ווי וועט מען זיך היינט ווענדין?
ווער וועט היינט אונדזערע פיינט פאַרלענדן?
וועמען איז נאָך געשיין אַזוי ווי מיר,
אַז דו ליגסט מיט די פיס צו די טיר?
און צו אונדז אַלע איז אָך און וויי,
אַז אונץ זענען דערביי.
און צו אונץ וועט זיין איין שאַנד,
אַזוי ווי דער שטן אויף דער וואַנט.
און אַלע אָפּעציִרן —
ווער וועט היינט פירן?
און דאָס גאַנצע מיליטער
וועט לויפן אַהין און אַהער.

מכשיפה:

דוד, אייער קנעכט, ער ר'עט קעניג בלאבין,
פאָן אייך מוז זאָך די מלוכה אָפּשיידן.
היינט טוט איר לעבין
מאָרגן טוט איר שטרעבין.
(מען זעצט דודן אויף דעם שטיל אַנידער און מען שרייט):
האָרא. האָרא. האָרא.

יהונתן:

אַזוי, דוד, ווי דו ביסט מלך גיוואָרין,

ז י ג מ ו נ ט ט ו ר ק א ו

זאָלסטו פאַרגעסין דיין צאָרין,
זאָלסט דיך אָננעמען אין טאַטענס נקמה, —
וועט דאָס זיין אונדזער נחמה.
פון אונץ קיינער וועט נישט ווארן,
ווענען דו וועסט וועלן, קענסט דו קארין.
עס זאָל דיר זיין מיט גרוים גליק
אין דעם אויגנבליק.
האָרא. האָרא. האָרא.
(ס ו ף)

די דאָזיקע פורים־שפּיל קאָן דינען אַלס באַווייז, סאַרא גרויסן פאַרשריט די פאָלקס־דראַמאַטיק האָט געמאַכט סיי אין איר אינהאַלט, סיי אין איר פאָרעם, בפרט, ווען מיר נעמען אין אַכט די פאַרשידנסטע מניעות, מיט וועלכע ס'איז דעם יידישן טעאַטער אויסגעקומען צו קעמפן: פון איין זייט די יידישע כלי־קודש און צוריקגעשטאַנענקייט פון די מאַסן, פון דער אַנדערער — די רעגירונגען, קירך, קריסט־לעכע קאָנקורענטן און סתם פײנטזעלדיקער אַבערגלויבן פון דער סביבה.

אַזוי למשל האָט מען אינעם טויט פון אַ גרויסער צאָל מענטשן, וואָס זע־נען געפאַלן בעת אַ מגפה אין מעץ, געזען גאָטס צאָרן און שטראָף צוליבן שפּילן טעאַטער און קלאָר, אַז די פאַרשטעלונגען זענען תיכּף פאַרווערט געוואָרן.

אַן ענלעכער פאַל איז געשען נאָך אַ שרפה אין פראַנקפורט. דער באַרימ־טער רב פון 18טן יאָרהונדערט, ר' יונתן אייבעשיץ, אָדער ווי מען פלעגט אים רופן, ר' יונתן פּראַגער, האָט אויף פאָלגנדיקן אופן אויסגעדריקט זיין נעגאַטיווע באַ־ציאונג צום טעאַטער:

„ווי קאָן מען טראָגן אין האַרצן דעם טרויער פון ירושלים, ווען מען זיצט אין אַ טעאַטער און מען קוקט זיך צו, ווי קאָמעדיאַנטן שפּילן...”

אמת, דאָס יידישע טעאַטער איז אין דעם פּרט נישט געווען קיין אויסנאַם. אויך אין ענגלאַנד, איטאַליע און אין אַנדערע אייראָפּעאישע לענדער פלעגן די קריסט־לעכע קאָמעדיאַנטן זיין אונטערגעוואָרפן רעפּרעסיעס, קירכלעכע צענזור און מען פלעגט זיי אפילו נישט וועלן מקבר זיין אויפן געהייליקטן בית־עולם.

די אַלע מניעות און שטערונגען האָבן אָבער נישט געקאָנט פאַרטיליקן די וויטאַלסטע פון אַלע קונסטן, וואָס עס שטעלט מיט זיך פאָר דאָס טעאַטער.

אַזוי איז אַלס ענטפער אויף די אַטאַקעס פון די פּוריטאַנער אינעם עליזאַ־בעטישן לאָנדאָן דערעפנט געוואָרן אין יאָר 1599 דאָס „גלאָב־טעאַטער”, וווּ שעק־ספּיר האָט געזען אַלע זיינע גרעסטע טריאומפן.



דאָס „גלאָבּ״־טעאַטער, וווּ שעקספּיר האָט צווישן 1599 און 1613 אויפגעפירט כמעט אַלע זיינע פּיעסן



„גלאָבּ־טעאַטער״ (דער אינעווייניקסטער אויסזען), רעקאָנסטרואירט פון וויקטאָר העמבעראָו און וויליאַם אָרשער

פון דאָרט האָבן זיך פאַרשפּרייט איבער דער גאָרער וועלט זיינע ליכטיקע פערזן:

„די גאַנצע וועלט איז אַ בינע,
סיי מאַן, סיי פרוי — זענען שפּילער."

אויך אונדזערע יידישע קאָמעדיאַנטן האָבן זיך נישט איינגעבראָכן און נישט אָפּגעטרעטן פון זייערע פּאָזיציעס און מיט אַ סטאָאישער עקשנות ווייטער געשלעפּט דעם שווערן עול פון יידישן טעאַטער . . .

און ס'פלעגט ליכטיק ווערן אין די ענגע, פאַרחושכטע געסלעך פון געטאָ.

און אַ שמייכל פלעגט זיך באַווייזן אויף די פאַרמעט־בלאַסע און צעשראָקענע פּנימער.

און ס'פלעגט יום־טובדיק ווערן אויף דער נשמה ביים קלאַנג פון די גלעקלעך פון יידישן פּאָעט, פון יידישן קאָמעדיאַנט, — דעם טרעגער פון פרייד, פון טרייסט און פון בטחון.

## קאַפּיטל פיר

# השכלה און חסידיזם

### זייער השפּעה אויף דער אַנטוויקלונג פונעם יידישן טעאַטער

דעם היינטיקן שמועס וועלן מיר אָנהויבן פון א נייער און ביז גאָר אינ־טערעסאַנטער תקופה אין דער יידישער קולטור, וואָס איז אַנטשטאַנען אין דער צווייטער העלפט פון 18טן יאָרהונדערט.

מיר וועלן זיך באַקענען מיט די צוויי מעכטיקע באַוועגונגען וואָס האָבן געהאַט א דעציזירנדיקע השפּעה אינעם יידישן לעבן: די השכלה און חסידיזם; זיי שטעלן דאָך מיט זיך פאָר די שוועל, וואָס פירט צו אונדזער מאָדערנער קולטור און האָבן צוליב דעם א באַזונדערן ווערט פאַר אונדז.

די השכלה, — א ריין וועלטלעכע באַוועגונג, איז אויסגעוואַקסן אין דייטש־לאַנד. איר באַגרינדער איז געווען משה בן מנחם מענדל פון דעסאו, וואָס איז שפּע־טער באַקאַנט געוואָרן אַלס משה מענדעלזאָן „דער סאָקראַטעס פון בערלין", דער מייסטער פון ליטעראַרישן סטיל און עסטעטישער קריטיקער אין דער דייטשער ליטעראַטור.

דער חסידיזם, א רעליגיעזע באַוועגונג, איז אויסגעוואַקסן אין פּאָדאָליע און איר באַגרינדער איז געווען ישראל בן אליעזר, באַקאַנט אַלס ר' ישראל בעל שם טוב.

די דאָזיקע צוויי וויכטיקע באַוועגונגען ביי יידן זענען אַנטשטאַנען אַלס



משה מענדעלסאָן

פּועל יוצא פון דער דעפּרעסיע, אַנטוישונג און פאַרביטערונג נאָך דער געפאַלענער שבתי צבי באַוועגונג, ווי אויך צוליב דער אומדערטרעגלעכער רעכטלאָזיקייט און הפקרות פון די יידישע מאַסן אין אַלע לענדער פון אייראָפּע.

די באַגרינדער פון דער השכלה האָבן געזען די סיבות פון דער שווערער פּאָליטישער לאַגע פונעם יידישן פאָלק אין די רעליגיעזע פאַראורטיילן און נאַציאָנאַלער אָפּגעשלאָסנקייט; כדי אויסצובעסערן די דאָזיקע לאַגע דאַרף מען פאַרשפּרייטן צווישן יידן וויסן.

— „אָן וויסן קאָן די וועלט קיין קיום נישט האָבן".

— „וויסן איז די נשמה פון דער וועלט".

— „פאַרטיליקן דעם אַבערגלויבן".

דאָס זענען געווען די דעוויזן פון דער השכלה, וועלכע האָט זיך צום סוף פון 18טן יאָרהונדערט אויך פאַרשפּרייט אין רוסלאַנד, פּוילן און ליטע.

אין דער צייט וואָס די השכלה איז אויסגעוואַקסן פון די גביריש־בירגערלעכע קרייזן און געפּרעדיקט דאָס איבעררייסן מיטן יידישן אייננאַרט, טראַדיציע און, דער עיקר, מיטן „פאַרהאַסטן זשאַרגאָן", ווי זיי האָבן אַ נאָמען געגעבן דער יידישער פאָלקס־שפּראַך, איז להיפוך דער חסידיזם אַרויסגעוואַקסן פון די געדיכטע־

נישן פון פשוטן פאָלק און האָט אפּעלירט צו אים אין זיין נאָענטער, היימישער און באַליבטער פאָלקס־שפּראַך, יידיש.

די השכלה האָט געזען די ראַדיקאַלע לייזונג פון דער יידן־פראַגע אין אסי־מילאַציע. דער הסידיזם, וועלכער האָט לכתחילה מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ סאָציאַלן פּראָטעסט פון די אומצופרידענע מאַסן, האָט אָבער גיך פאַרלוירן דעם צוזאַמענהאַנג מיט דער ווירקלעכקייט און האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ פאַרשלאָסענער, סעקטאַנ־טישער באַוועגונג, וואָס זעט די סיבות פון אַלע אומגליקן און סכנות אין דער וועלט־לעכקייט. אין רעזולטאַט איז נאָך טיפער געוואָרן דער תהום צווישן די אָנהענגער פון הסידיזם און דער אַרומיקער וועלט.

צווישן די ביידע באַוועגונגען איז אַנטשטאַנען אַ פאַרביטערטער קאַמף.

כדי ווירקזאַמער אָנצוגיין מיטן דאָזיקן קאַמף צווישן די ברייטע פאָלקס־מאַסן, איז די השכלה געווען געצוווּנגען זיך צו באַנוצן מיטן זעלבן פאַרהאַסטן „זשאַרגאָן", וועלכן זיי האָבן אַזוי קאַטעגאָריש באַקעמפט.

אין קאַמף ווערן אַלע מיטלען געכשרט.

אינטערעסאַנט איז די שטעלונג פון די רוסישע משכילים צום דאָזיקן ענין, איבערגעגעבן דורכן היסטאָריקער שמעון דובנאָוו. אָט ווי מיר זעען זי פון אַ ציטאַטע פון זיין בוך „פון זשאַרגאָן צו יידיש", האָבן די משכילים געפּרעדיקט:

„מיר, געבילדעטע, שאַפן זיך אַ ליטעראַטור אין דער לאַנדשפּראַך, אין רוסיש, וואָס מוז ווערן די שפּראַך פון אונדזער צוקונפט און טייל־ווייז אויך אין העברעאיש — די שפּראַך פון אונדזער פאַרגאַנגענהייט. אָבער די אָרעמע, אומגעבילדעטע מאַסן, נעבעך, מוזן דאָך האָבן אַ מיטל צו בילדן זיך און אויפהייבן זיך צו אונדזער מדרגה, — דאַרף מען פאַר זיי שאַפן אַ דערווייליקע ליטעראַטור אויף זייער שפּראַך, אויף זשאַרגאָן, ביז וואַנען זיי וועלן זוכה זיין צו רעדן און לייענען רוסיש"...

פון דעם דאָזיקן קאַמף צווישן „אויפקלערונג און פאַנאַטיזם" איז טאַקע שטאַרק באַרייכערט געוואָרן די יידישע ליטעראַטור און ספּעציעל איר דראַמאַטיק.

* * *

דער בעש'ט אַליין האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין ליבע צו מוזיק און געזאַנג; די תפילה, אין וועלכער ער האָט זיך באַהאָפטן מיט גאָט, איז געווען פאַר אים אַ וווּנדערבאַרע מעלאָדיע, וועלכע דער מענטש דאַרף אויסטאַנצן און אויסזינ־גען מיט גרויס מתיקות און אַלע באַוועגונגען פון זיין קערפּער דאַרפן זיין צוגע־פּאַסט צום ריטם פון די טענער.

אין די פאַרחושכטע, פאַרטרויערטע הייזער האָבן זיך דערהערט נגונים, וואָס די חסידים פלעגן מיטברענגען פון רבינס טיש. די נגונים פלעגן געזונגען ווערן ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן פון רעליגיעזן כאַראַקטער, שבתים, יום־טובים און פאַרשידענע פאַמיליע־שמחות און האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער מתיקות.

פון אָט די דאָזיקע נגונים האָבן געשעפּט יניקה פאַרשידענע קאָמפּאָזיטאָרן און מוזיקער און נישט איין גרויס מוזיקאַליש ווערק האָט צו פאַרדאַנקען זיין אורשפּרונג דעם אַזוי גערופענעם „רבינס ניגון".

די חסידישע פירער פלעגן דורכפלעכטן זייער „תורה זאָגן" מיט משלים, מעשיות און לעגענדעס. אַזוי אַרום איז געשאַפן געוואָרן אַן אָריגינעלע, ביז גאָר אינטערעסאַנטע ליטעראַטור, פון וועלכער ס'האָבן אַ באַזונדערן אינטערעס — די מעשיות פון דעם בעש'טובס אוראייניקל, — ר' נחמן בראַסלעווער.

אַ גאַנצע ריי יידישע און אַפילו נישט יידישע שרייבער איז אינספּירירט געוואָרן פון די חסידישע מעשיות, וועלכע האָבן טאַקע שטאַרק באַרייכערט אונדזער מאָדערנע ליטעראַטור, — ס'איז גענוג צו דערמאָנען פּרצעס אומשטערבלעכע „פאָלקסטימלעכע געשיכטן".

הגם דער חסידיזם איז געווען אַ בלוטיקער שונא פונעם טעאַטער און האָט שטאַרק באַקעמפט די דאָזיקע אינסטיטוציע, האָט ער אומדירעקט באַרייכערט אונדזער טעאַטער־ליטעראַטור, וועלכע האָט פון חסידישע לעגענדעס און לעבנסשטייגער געשעפּט אוצרות פון דראַמאַטישן שטאָף.

פון דעם דאָזיקן לעבנסשטייגער איז אויסגעוואַקסן פּרצעס „די גאָלדענע קייט", פון די דאָזיקע לעגענדעס — אַנסקיס „דיבוק".

פון דער צווייטער זייט ווידער איז דער חסידיזם מיט זיינע רביים און בעלי מופתים געוואָרן אַן אָביעקט פון אָפּחוזקן און אָפּלאַכן; צו דעם צוועק זענען אָנגעשריבן געוואָרן אַ גאַנצע ריי קאָמעדיעס און פאַרסן און אַ גרויסע טייל פון זיי זענען געשפּילט געוואָרן זינט דער אַנטשטייאונג פונעם מאָדערנעם טעאַטער ביי יידן.

די ערשטע אויף צו נעמען אויף זיך די דאָזיקע אויפגאַבע זענען טאַקע געווען די משכילים.

די גייסטיקע קולטור צו יענער צייט ביי יידן איז געקומען צום אויסדרוק הויפּטזעכלעך אין העברעאיש. אַזוי אָבער ווי העברעאיש איז נישט געווען צוגענגלעך פאַרן פּשוטן פאָלק, האָבן די אויפקלערער דעריבער ווי געזאָגט זיך באַנוצט מיט „זשאַרגאָן", כדי זייער אַקציע זאָל האָבן אַ דירעקטע און ממשותדיקע ווירקונג.

דאָס אָפּדרוקן דעם דאָזיקן פּראָפּאַגאַנדע מאַטעריאַל איז געווען אין יענער צייט פאַרבונדן מיט גרויסע שוועריקייטן; אַ חוץ וואָס צווישן די ברייטע מאַסן האָט געהערשט אַ שטאַרקער אַנאַלפאַבעטיזם און דער מאַטעריאַל וואָלט במילא

צו זיי נישט דערגאַנגען, האָבן די משכילים אויסגעקליבן די דראַמאַטישע פאָרם פאַר זייער אויפקלערערישער טעטיקייט.

דאָס טעאַטער, האָבן זיי געוווּסט, דערגייט גלייכצייטיק אין פאַרשידענע ערטער צו אַ גרעסערער צאָל צוהערער און קאָן דעריבער זיין אַ סך צוגענגלעכער און ווירקזאַמער ווי אַ ביכל אָדער בראָשור.

זיי האָבן געוווּסט, ווי שטאַרק פּאָפּולער און באַליבט עס זענען ביי יידן די פּורים־שפּילן, זיי האָבן געוווּסט, ווי דאָס פאָלק זוכט ביי יעדער מעגלעכער געלעגנהייט צו הערן „מאַ־אַל״, מוסר און „טיפע גדאַנקען״, וואָס ווערן געפּרע־דיקט פון די שפּילער און דאָס איז אויך געווען איינע פון די הויפּט־סיבות, וואָס די משכילים האָבן זיך געווענדט צו דער דראַמאַטישער פאָרם.

אויף אַזאַ אופן איז געקומען צו דעם פּאַראַדאָקס, אַז די באַקעמפער פון דער יידישער שפּראַך האָבן אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען און באַרייכערן די יידישע ליטעראַטור און פון זייערע רייען איז אַרויסגעוואַקסן אַ פּלעיאַדע באַדייטנדיקע שרייבער מיט מענדעלע מוכר ספרים בראָש.

דעם יידישן טעאַטער האָבן זיי געגעבן אברהם גאָלדפאַדען.



די קאָמעדיע, וואָס איז אַלזאָ געשאַפן געוואָרן פון די משכילים, טראָגט קודם כל אַן אָפּלאַכערישן כאַראַקטער, וואָס איז אויסן צו דיסקרעדיטירן דעם חסידיזם און דעם אַזוי גערופענעם „פינצטערן פאַנאַטיזמוס". דאָס טעאַטער האָט זיך פאַרוואַנדלט אַזוי אַרום אין אַן אָרט פון אָפּלאַכן, אָפּחוזקן און ס'איז דערי־בער פאַרשטענדלעך דער ניי־געשאַפענער באַגריף: „מאַכן פון עמיצן ס'טעאַטער".

דער ערשטער אָנצושרייבן אַ קאָמעדיע אין דער יידישער פאָלקס־שפּראַך איז געווען דער פאַרביסנסטער קעמפער פאַר דער השכלה — אהרן האַללע, באַקאַנט אונטערן נאָמען וואָלפזאָן, געבוירן אין יאָר 1754 אינעם עלזאַסער שטעטל — נידערהיים.

ביז אים איז געשאַפן געוואָרן טעאַטער־ליטעראַטור אין דער העברעאישער שפּראַך און אַלס מוסטער האָבן איר געדינט די גרעסטע מייסטער פון דער אייראָ־פּעאישער ליטעראַטור; וואָלפזאָן דאַקעגן האָט געשעפּט זיין טעמאַטיק פונעם טאָג־טעגלעכן לעבן, פונעם שטייגער, וואָס איז געווען נאָענט און פאַרשטענדלעך די מאַסן. דאָס אינטערעסאַנטסטע דערביי איז אָבער וואָס וואָלפזאָן אליין האָט געלעבט אין אַן אַסימילירטער דייטשער סביבה, געווען אינספּעקטאָר אין דער קעניגלעכער וויל־העלם־שולע אין ברעסלוי און במילא געווען ווייט פונעם יידישן שטייגער און פאָלקסשפּראַך.

און דאָך האָט ער באַוויזן מיט זיין קאָמעדיע „לייכטזין אונד פרעמליי" צו לייגן דעם גרונטשטיין פאַר דער מאָדערנער יידישער דראַמאַטיק און האָט אַזוי אַרום געשאַפן עפּאָכע אין דער יידישער ליטעראַטור.

דער ביזאַנטיקער יידישער טעאַטער, ד. ה. די פורים־שפּילן, האָט געשעפּט זיין טעמאַטיק פון דער יידישער פאַרגאַנגענהייט. אים זענען פרעמד די אַקטועלע פּראָבלעמען פונעם יידישן לעבן, גראָד אַזוי ווי ס'איז אים פרעמד געווען די סצע־נישע פאָרעם פונעם אייראָפּעאישן טעאַטער. ער איז דעריבער געבליבן הינטערשטע־ליק דעם ריטם פונעם לעבן מיט די לויפנדיקע געשעענישן, ער האָט דעריבער גע־טראָגן אַ מער מוזעאַלן כאַראַקטער, וואָס האָט געקענט געפעלן, אָבער נישט מיט־רייסן, וועקן און משפיע זיין.

וואָלפזאָן איז טאַקע געווען דער ערשטער צו שעפּן פון די קוואַלן פון פאָלקס־טעמאַטיק; ער איז געווען דער ערשטער צו דערנענטערן זיך און אַרויסצו־ברענגען אויף דער בינע דעם יידישן שטייגער, צו באַרירן צאַפּלדיק־אַקטועלע, אָנגע־ווייטיקטע פּראָבלעמען פון יידישן לעבן, לגבי וועלכע דער צושויער קאָן נישט פאַר־בלייבן גלייכגילטיק, ער איז אַלזאָ געווען דער ערשטער צו דערפילן די ריכטיקע באַשטימונג און אויפגאַבע פון טעאַטער.

חוץ דעם האָט ער אויך געמאַכט אַ רעוואָלוציע אין דער פאָרעם, אין דער

קאָנסטרוקציע פון דער פּיעסע. די פּורים־שפּילן האָבן געטראָגן אַ פראַגמענטאַרישן כאַראַקטער, סיי אין דער האַנדלונג, סיי אין די דיאַלאָגן. זיי זענען כמעט נישט פאַר־אויסגעגאַנגען פון דער פּרימיטיווער פאָרעם פון דער „קאָמעדיאַ דעל אַרטע", אין דער צייט וואָס דאָס אייראָפּעיִשע טעאַטער איז שוין פון אים אַוועק אויף אַ מהלך רב און איז שוין רייף געוואָרן פאַר זיין אויפבלי־פּעריאָד פון 19טן יאָרהונדערט.

וואָלפזאָן האָט טאַקע גענומען די פאָרעם פונעם אייראָפּעאישן טעאַטער און אין איר אַריינגעהויכט יידישן אינהאַלט. ער האָט געשאַפן אַ מין טעאַטראַלישן סינטעז פון מאָדערנער יידישקייט און וועלטלעכקייט. דאָס איז דאָך אייגנטלעך געווען דער הויפּטציל פון די משכילים.

כאָטש די קאָמעדיע „לייכטזין אונד פרעמעליי" טראָגט אַזאַ עכט דייטשן נאָמען, איז זי פונדעסטוועגן געשריבן אין אַ ריינער יידישער פאָלקסשפּראַך, אין וועלכער ס'ווערט אפילו אָפּגעהיט דער רעגיאָנעלער דיאַלעקט. דאָס איז כדאי ספּע־ציעל אונטערצושטרייכן, ווייל דער דאָזיקער מאָמענט איז כמעט ביי אַלע אונדזערע שפּעטערדיקע דראַמאַטיקער שטאַרק פאַרנאַכלעסיקט געוואָרן און אַלע פּערסאָנאַזשן, מעגן זיי שטאַמען פון פּוילן, גאַליציע, אָדער ליטע; מעגן זיי קומען פון דער גרויסער שטאָט אָדער פון דאָרף, — רעדן אַלע מיט איינעם און דעמזעלבן לשון.

כאַראַקטעריסטיש, וואָס דער העלד, די פּאָזיטיווע געשטאַלט, וואָס פּרע־דיקט דעם מחברס געדאַנקען וועגן אויפקלערונג, באַנוצט זיך להיפך צו די איבע־ריקע פּערסאָנאַזשן מיט דער דייטשער שפּראַך.

דאָס האָט געדינט אַלס מוסטער פאַר אַלע שפּעטערדיקע דראַמאַטיקער מיט גאָלדפאַדענען בראש — ביי וועמען די אַזוי גערופענע „ליבהאָבער", די געבילדעטע און באַקעמפער פונעם „פינצטערן פאַנאַטיזמוס און אָבסקוראַנטיזמוס" האָבן גע־רעדט דייטש.

דערמיט האָבן די מחברים געוואָלט אונטערשטרייכן דעם חילוק צווישן די „אויפגעקלערטע" און „פינצטערלינגען", וואָס באַנוצן די שפּראַך פון „דינסטן און גראָבע יונגען".

הגם „לייכטזין אונד פרעמעליי" איז קיינמאָל נישט געשפּילט געוואָרן, איז זי אָבער, ווי ס'ווייזט אויס, זייער פיל געלייענט געוואָרן און זי האָט אפילו דער־גרייכט אייניקע אויפלאַגעס. דאָס דערקלערט זיך קודם כל מיטן פּאָפּולערן נאָמען פונעם מחבר און נישט ווייניקער מיט איר שאַרפער טענדענץ און קעמפערישן טאָן.

אַ חוץ דעם פאַרביסענעם קאַמף קעגן בטלנות און צוריקגעשטאַנענקייט, האָט וואָלפזאָן באַרירט אין זיין קאָמעדיע אויך אַנדערע נעגאַטיווע זייטן פונעם יידישן לעבן. אויף אַן אָביעקטיוון אופן שילדערט ער דעם מינדערווערטיקייטס־קאָמפּלעקס פון די יידישע מיידלעך און ווייבלעך אין די בירגערלעכע קרייזן אינעם

דאַמאָלסדיקן דייטשלאַנד, וואָס האָבן זיך געוואָרפן אין די אָרעמס פון די קריסט־לעכע יונגעלייט און דערמיט זיך געוואָלט רעהאַביליטירן פאַר זייער יידישן אָפּשטאַם. אויף אַ דרייסטן אופן שילדערט ער די לעכערלעכקייט פון דער דאָזיקער קרענקלע־כער דערשיינונג און באַמיט זיך זי צו באַקעמפן.

נישט ווייניקער דרייסט טרעט ער אויך ארויס קעגן די נעגאַטיווע דערשיי־נונגען אין זיין אייגענער השכלה־באַוועגונג, אראָפּרייסנדיק די מאַסקע פון די פאַלשע משכילים און אָפּאָרטוניסטן, וואָס ברענגען נאָר שאָדן דער באַוועגונג.

אין דעם פּרט האָט ער זיך אויסגעצייכנט פון די אַנדערע, שפּעטערדיקע השכלה־שרייבער, וועלכע האָבן אויף זייער פּאָליטרע געהאַט נאָר צוויי פאַרבן: פאַר אַלץ וואָס האָט אַ שייכות מיט השכלה — די העלע און פאַר אַלץ איבעריקס — די שוואַרצע פאַרב.

ווי ס׳איז באַקאַנט, איז „לייכטזין אונד פרעמעליי" געווען די איינציקע קאָמעדיע, וואָס וואָלפזאָן האָט אין זיינע אַכציק יאָר לעבן אָנגעשריבן.

מער אָדער ווייניקער אין דער זעלבער צייט איז אויך דערשינען אַ קאָמעדיע פון זיינעם אַ נאָענטן פריינט, אַ באַקאַנטן משכילישן טוער און שרייבער, יצחק אייכל.

די דאָזיקע קאָמעדיע אונטערן נאָמען „ר׳ הענאָך אָדער וואָס טוט מען דער־מיט", צייכנט זיך אויס מיט איר שטאַרקער ענלעכקייט צו „לייכטזין אונד פרעמעליי". ס׳איז נישט פעסטגעשטעלט וועלכע פון זיי איז פריער אָנגעשריבן געוואָרן און ס׳איז אוממעגלעך חושד צו זיין וועלכן פון די צוויי שרייבער אין פּלאַגיאַט.

אַמוואַרשיינלעכסטן איז דעריבער, אַז די צוויי נאָענטע פריינט האָבן זיך אָפּגערעדט אָנצושרייבן אַ פּיעסע כדי „לאַכנדיק צו זאָגן דעם אמת" און האָבן זיך מישב געווען וועגן דער טעמע און געוויסע כאַראַקטעריסטישע אייגנשאַפטן פון די הויפּט־פּערסאָנאַזשן און אין רעזולטאַט זענען געשאַפן געוואָרן די צווילינג־שוועס־טער: „לייכטזין אונד פרעמעליי" און „ר׳ הענאָך אָדער וואָס טוט מען דערמיט".

אַן ענלעכער פאַל איז אַגב געשען אין אונדזערע צייטן מיט פּינסקיס קאָ־מעדיע „דער אוצר" און שלום עליכמס „גאָלדגרעבער" און מיר געפינען זיי אָפּט אין דער ליטעראַטור, ווי אויך אין דער מוזיק. וועגן פּלאַסטישער קונסט איז דאָך אָפּגערעדט. אָט מיט דער דאָזיקער משכילישער דראַמאַטיק טרעטן מיר אריין אין 19טן יאָרהונדערט.

## יידישער ביישטייער צו דער עוואָלוציע פון אייראָפּעאישער קולטור

די יידישע עמאַנציפּאַציע האָט ברייט געעפנט פאַר יידן די טירן פון מערב־

איירָאָפּעאישן טעאטער און זיי האָבן טאַקע גיך פאַרנומען אַן ערשט אָרט סיי אין טעאַטער, סיי אין דער דראַמאַטישער ליטעראַטור.

אין פראַנקרייך באַווייזט זיך די געניאַלע ראַשעל, אַ טאָכטער פון אַ פּשוטן דאָרפס־גייער און גאַסן־הענדלער. זי פלעגט אים פון קינדווייז אָן צוהעלפן אין מסחר, נאָכגייענדיק נאָך זיין וועגעלע און זינגענדיק לידלעך.

פון אָט דער אָרעמער גאַסן־זינ־



ראַשעל



סאַראַ בערנאַרד

גערין ווערט זי גיך די קרוין פון מאָליערס הויז, די בארימטע „קאָמעדי פראַנסעז", און ראַטעוועט אפילו די דאַזיקע אַלטע קולטור־אינסטיטוציע פון באַנקראָט. אין איר קורצן, אָבער שטורמישן לעבן, וואָס האָט זיך ווי אַ מעטעאָר דורכגעטראָגן איבער דער וועלט, האָט זי באַוויזן צו באַצווינגען מיט איר שוישפּיל־קונסט די גרעסטע גייסטיקע פירער פון איר צייט און נישט איין געקרוינטער קאָפּ האָט זיך געבויגן פאַר אָט דעם מערקווירדיקן יידישן מיידל.

נאָך איר קומט סאַראַ בערנאַרד, די אַזוי גערופענע „געטלעכע סאַראַ", וואָס האָט זיך אומשטערבלעך געמאַכט מיט איר אינטערפּרעטירן פון וויקטאָר הוגאָ, סאַרדו, דומאַ, ווי אויך פון מענער־ראָלן, ווי „האַמלעט" און „ס'אָדלערל" פון


לאדוויק באַרנאַי

ראַסטאַן. נעבן איר גלאַנצט אויך דער טאַלאַנט פונעם גרויסן העלדן־אַקטיאָר, דע־מאַקס.

אין האָלאַנד טריומפירט דער גרעסטער אַקטיאָר פון זיין צייט — לואיז באָוומייסטער; אין עסטרייך — אַדאָלף פאָן זאָנענטאַל.

אין דייטשלאַנד, דעם קלאַסישן לאַנד פון אַנטיסע־מיטיזם, פאַרנעמען יידן דאָס ערשטע אָרט צווישן די בינע־קינסטלער.

שוין אין דעם ערשטן און גרעסטן קינסטלערישן אַנסאַמבל אין דער וועלט, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן פונעם הערצאָג פון מייניגנען און געדינט אַלס מוסטער פאַרן שפּעטערדיקן מאַסקווער קונסט־טעאַטער, האָבן זיך אויסגעצייכנט אייניקע יידישע שוישפּילער, ווי לודוויג קראַנעק, לעאָפּאָלד טע־ל׳ער, עמעריך ראָבערט, מאַקסימיליאַן לודוויק און דער גרויסער טראַגיקער



ווייזהאַרדטס אויפפירונג פון אַ מיראַקל־שפּיל

לודוויק בארנאי, וואס האט אין יאר 1870 געגרינדעט דעם ערשטן אקטיארן־פאר־איין אין דייטשלאנד.



אלעקסאנדער גראנאך

אויף אנדערע דייטשע בינעס האבן זיך אויסגעצייכנט די גרויסע אקטיארן לודוויג דעסואר און באגימיל דאווידזאן

דער ערשטער „מעפיסטא" אינעם דייטשן טעאטער איז געווען דער ייד היינריך מאר, — דערביי איז אינטערעסאנט צו באמערקן, אז דער לעצטער גרויסער „מעפיסטא" אין פארהיטלעריסטישן דייטשלאנד איז אויך געווען א ייד, — אלעקסאנדער גראנאך.

דער ערשטער ארויפצוברענגען אויף דער דייטשער בינע איבסענען און הויפטמאנען איז געווען דער גרינדער פון דער „פרייער בינע", דער גרויסער קינסטלער און טעארעטיקער אטטא בראם.

ס'האט געמאכט געשיכטע מאקס ריינהארד, דער גרינדער פון א גאנצער ריי טעאטערס אין בערלין פון ווינער יאזעפשטאטטעאטער, פון זאלצבורגער פעסט־



רודאלף שילדקרויט אלס „שיילאק"

שפילן: זיינע צירקוס־פאָרשטעלונגען, ספּעציעל פון „קעניג עדיפּוס", האָבן בשעתו געמאַכט רעוואָלוציע אין די גרעסטע טעאַטער־צענטערס פון דער וועלט. אים נעהערט אויך דער פאַרדינסט פון אַנטדעקן אַ גאַנצע ריי גרויסע בינע־קינסטלער, צווישן זיי די יידן: האַנס פּאַגאַי, וויקטאָר ארנאָלד, אָסקאַר בערעגי, רודאָלף שילדקרויט און אין די שפּעטערדיקע יאָרן: מאַקס פּאַלנבערג, פריץ קאָרטנער, אַלעקסאַנדער גראַנאַך, ערנסט דויטש, קורט בואַ און פּיל, פּיל אַנדערע.

ס'האָבן זיך אויך אויסגעצייכנט די אַקטריסעס: מאַריאַ פּאַרקאַני, ראָזאַ בערטיינס, קאַמילאַ אייבנשיץ, מאַריאַ אָרסקאַ, ראָזאַ וואַלעטי און לעצטנס — עליזאַבעט בערגנער, לוסי מאַנהיים, גרעטע מאָסהיים און פּיל, פּיל אַנדערע.

אין די אָנגעזעענסטע דייטשע טעאַטערס האָט זיך באַוויזן אַ גרויסע צאָל רעזשיסאָרן, מיט לעאָפּאָלד יעסנער, דעם לאַנגיעריקן דירעקטאָר פון בערלינער שטאַטישן טעאַטער, און באַרנאָווסקי בראָש.

דאָס צאָל פון די אָנגעזעענסטע יידישע קינסטלער אינעם דייטשן טעאַטער איז וויט נישט אויסגעשעפּט. ס'איז אַגב קורץ פאַר דער צווייטער מלחמה דערשינען אין דייטשלאַנד אַן אויספירלעכע מאָנאָגראַפּיע וועגן זיי.

אין צאַרישן רוסלאַנד איז צוליב ווין־רעכט און פאַרשטאַרקטער רעאַקציע כמעט אוממעגלעך געווען אַ וועלכער ס'איז עפנטלעכער אַרויסטריט פון יידישע קינסטלער. און דאָך האָבן בשעתו טריומפירט אין דער אָפּערע אַ ריי יידישע מייסטער־זינגער ווי מעדוועדיעוו דאַווידאָוו, טאַר־טאַקאָוו, סיביריאַקאָוו, וואָס זענען פון פשוטע משוררים ביי חזנים דערהויבן גע־וואָרן צו סאָליסטן פון קייזערלעכן טעאַטער.



אַלעקסאַנדער דאַווידאָוו

אויך אין די אינטערנאַציאָנאַלע קאָנצערט־זאַלן און אָפּערן־הייזער האָבן זיך באַוויזן יידישע גרויסע מייסטערס פון געזאַנג־קונסט. ס'האָבן בשעתו געשמט די נעמען פון ענגלישן טענאָר זשאָן בראַהאַם, פונעם טשעכישן באַס־באַריטאָן פראַנץ הויזער, די סאָפּראַנאָ ביאַנקאַ באַנטשי און פּאַולינאַ לוקאַ מיט וועלכע ס'איז צום ערשטן מאָל אויפגעפירט געוואָרן די אָפּע־רע „אַפריקאַנערין"

ס'האָבן זיך דערוואָרבן א וועלט־נאָמען די טענאָרן: פאָול קאַליש, ניקאָלא דאָטמיל, יוליוס לעבאַן, יוסף מאַן און, בעיקר, די אומפאַרגלייכלעכע קאָלאָראַטור־זינגערין זעלמאַ קורץ.

ס'איז אונדז אַלעמען באַקאַנט די גרויסע צאָל קענגוואַרטיקע יידישע זינ־גער און נישט דאָ איז דאָס אָרט זיך אָפּצושטעלן אויף זיי.

ס'האָבן זיך אויך באַוויזן א גאַנצע רײ יידישע קאָמפּאָזיטאָרן און דירי־זשאָרן, פון וועלכע פיל האָבן געשאַפן געשיכטע.

די אָפּערעס פון מייערבעער, ווי „הוגענאָטן", „ראָבערט דער טייוול", „די אַפריקאַנערין", „דער נביא", האָבן פאַרנומען דעם אויבנאָן אין אַלע גרעסטע אָפּערנ־הייזער. מייערבעער האָט לכתחילה באַאיינפלוסט וואַגנערן און איז שפּעטער פון אים געוואָרן העפטיק באַקעמפט און נישט קיין קליינע ראָל דערביי האָט טאַקע געשפּילט מייערבעערס יידישע אָפּשטאַמונג.



מײַערבעער



מענדעלזאָן־באַרטאָלדי

עס שיינט אויף מענדעלזאָן־באַרטאָלדי מיט זיינע גלענצנדיקע „לידער אָן ווערטער", „אָראַטאָריעס" און די פּרעכטיקע אילוסטראַציע צו שעקספּירס „חלום אין א זומער־נאַכט", וואָס מאַקס ריינהאַרט האָט אויף אַזא מייסטערהאַפטן אופן אויסגענוצט צו זיין אויפפירונג פון דער זעלבער פּיעסע.

אין פראנקרייך באווייזט זיך האלעווי מיט זיין באריםטער אפערע „די יידין". די ווינער אפערע אנגאזשירט אלס דירעקטאר דעם קאמפאזיטאר און דירי־זשאר גוסטאוו מאלער, וועלכער האט זיך קונה שם געווען מיט זיינע 10 סימפאניעס, 42 לידער און ספעציעל מיט זיין „ליד פון דער ערד".


גוסטאוו מאלער

אין רוסלאנד טריומפירט אנטאן רובינשטיין אלס קלאוויר־ווירטואז און קאמפאזיטאר פון „דע־מאן", „מאקאבייער", אראטאריע „משה" און אנ־דערע גרעסערע און קלענערע קאמפאזיציעס

אין פאריז גייט אויף דער שטערן פון א חזנס א זון מיטן נאמען זשאק אפענבאך און מיט זיינע אפערעטעס „ארפעאוס און די אונטערוועלט", „שיי־נע העלענא", „פעריקאלא" ווערט ער דער באגרינ־דער פון דער מאדערנער אפערעטע. ער האט אויך געלאזן אן אפערע „האפמאנס דערציילונגען", וואס ווערט פאררעכנט פאר איינע פון די אינטערעסאנט־סטע פון דעם זשאנר.

נאך אים האבן זיך א גרויסע צאל יידן אויס־געצייכנט אלס אפערן־קאמפאזיטארן. ס'איז גענוג צו דערמאנען אזעלכע נעמען ווי: אסקאר שטראוס, לעא פאל, זשאן זשילבערט, עמעריך קאלמאן און פאול אבראהאם.


האלעווי

פון צווישן די אפערעטן־אקטיארן האבן זיך אויסגעצייכנט די יידישע זינגער: פריץ מאסא־רי, מאקס האנזען, רישארד טאובער, גיטא אל־פאר און פיל אנדערע.

נישט קיין קלענערן ארט פארנעמען אויך יידן צווישן די דראמע־שרייבער פון 19טן יאר־הונדערט.

אין האלאנד: הערמאן הייערמאנס; אין פראנקרייך: טריסטאן בערנארד, אנרי בערנשטיין, אלפרעד סאוואר; אין עסטרייך: ארטור שניצ־לער, ריכארד בער האפמאן, הוגא פאן האפ־מאנסטאל, ארנאלד און סטעפאן צווייג; אין דייטשלאנד: פאול לינדאו, לודוויג פולדא,

אין אונגאַרן: פראַנץ מאָלנאַר, מעלכיאָר לענגיעל; אין טשעכיע פראַנץ לאַנגער.

אין פּוילן: ווילהעלם פעלדמאַן, וועלכער ווערט פון אַ גאַליציאַנער ישיבה־בחור איינער פון די גרעסטע פּוילישע ליטעראַטור־ און קונסט־קריטיקער.

אויף דעם דאָזיקן געביט האָט זיך אין דענעמאַרק אומשטערבלעך געמאַכט געאָרג בראַנדעס. אַ דאַנק זיין אויסערגעוועגלעכער אויטאָריטעט האָט ער געהאָלפן אַרויסברענגען אַ ריי גרויסע טאַלאַנטן, צווישן אַנדערע — סעלמאַ לאַגערלאָף און איבסען. זיין אַרבעט איבער שעקספּיר וועט דינען אַלס אייביקער קוואַל פאַר פאָרשער און אויסטייטשער פון שעקספּירן.

אין דער רוסישער דראַמאַטיק באַווייזן זיך סעמיאָן יושקעוויטש, אָסיפּ דימאָוו, איסאַק באַבעל, אויך פאַרנעמען דאָרט יידן אַ ביז גאָר אָנגעזעענעם אָרט אין דער מאָדערנער דראַמאַטורגיע.

נאָך דעם דאָזיקן אַלגעמיינעם און קורצן איבערבליק וועגן יידישן בייטראָג צו דער קולטור־אַנטוויקלונג ביי די אומות העולם, וועלן מיר זיך אומקערן צו אונדזער אייגנטלעכער טעמע: צו דער יידישער טעאַטער־קונסט אין 19טן יאָהונדערט.

## דאָס XIX יאָרהונדערט

אויב די דייטשע משכּילים האָבן אין דעם יידיש־לשון געזען דעם „גנב", וועלכן מען נעמט אַראָפּ פון דער תּליה, האָבן אַ טייל רוסישע משכּילים אים באַטראַכט ווי אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכקייט, ווייל פאַר זיי אַליין איז דאָך יידיש געווען די מוטער־שפּראַך. זיי האָבן אַלזאָ במילא געהאַט מיט די מאַסן אַ געמיינזאַמען לשון. פאַר די אַזוי גערופענע „אָסט־יודן", וואָס האָבן געלעבט אין די סלאַווישע לענדער, האָט יידיש געקלונגען גאָר אַנדערש ווי פאַר די דייטשע יידן, וועלכע האָבן אין דעם געזען אַ פאַרקריפּלטן דייטש, אַ פּראָפּאַנאַציע פון געטעס שפּראַך.

דערמיט דערקלערט זיך אויך, וואָס דער אַסימילאַציע־פּראָצעס ביי די דייטשע יידן איז צוגעגאַנגען אַ סך שנעלער ווי ביי די יידן פון „אָסטן", ווו, להיפך, ס'איז אַנטשטאַנען אַ שטאַרק נאַציאָנאַלע און דערנאָך אַן אַרבעטער־באַוועגונג, וואָס האָט שוין באַוווּסטזיניק קולטיווירט די יידישע שפּראַך.

ווי מיר ווייסן, האָט דאָס 19טע יאָרהונדערט אַרויסגעגעבן דעם אַזוי גערופענעם „פאָטער פון יידישן טעאַטער", אברהם גאָלדפאַדען.

ווען אָבער גאָלדפאַדען איז אין יאָר 1876 צוגעטרעטן אין יאַסי צו בויען

זיין יידיש טעאַטער, האָט ער שוין אַ חוץ דער אייראָפּעאישער דראַמאַטיק געהאַט אויך גלענצנדיקע מוסטערן אין דער יידישער ליטעראַטור.

זיינע דריי פאָרגייערס אַלס דראַמאַטיקער זענען געווען: אַקסנפעלד, עטינגער און גאָטלאָבער.

ישראל אַקסנפעלד איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1787 אין נעמיראָוו ביי אַ שטרענג חסידישער פאַמיליע און איז אין זיין יוגנט אפילו אליין געווען אַ פאַרברענ־טער בראַסלעווער חסיד.

זיין ליטעראַרישע טעטיקייט האָט ער אָנגעפאַנגען אין די דרייסיקער יאָרן שוין אַלס געשווירענער אַדוואָקאַט און נאָטאַר אין אָדעס. ער שטעלט זיך אין קאַמף קעגן חסידיזם, כדי, ווי ער אַליין דריקט זיך אויס: „אָפּצוּוועגדן די יידן פונעם מיס־טישן און חלומדיקן חסידישן לעבנס־שטייגער און אַראָפּרייסן פון די רביים יענע שיין פון הייליקייט, מיט וועלכער דער פאַרגרעבטער עולם האָט זיי אַרומגערינגלט".

גלייכצייטיק איז ער אַרויסגעטרעטן קעגן די דעגענערירטע פוילישע פריצים און רוסישע אַדל־לייט, וועלכע האָבן נישט נאָר אונטערדריקט זייער לייב־אייגנטום, די פּויערים, נאָר אויך מיטן גרעסטן ביטול זיך באַציוגן צום יידישן שענקער, צום יידישן פאַקטאָר און פּאַדריאַטשיק, וואָס האָבן געהאָלפן פאַרגרעסערן זייער עשירות.

אַקסענפעלד האָט אַלזאָ אינעם טעאַטער געזען אַ פּאַסיקע טריבונע פאַר זיין ברוּיזנדיקן טעמפּעראַמענט, וואָס האָט אויף אַ דרייסטן אופן רעאַגירט אויף אַלע אַקטועלע באַסירונגען פון זיין צייט, האָט געמאָנט, געוועקט, פּראָטעסטירט און געלערנט.

אין זיינע דערציילונגען און איבערהויפּט אין זיינע פּיעסעס האָט ער זיך געשטעלט, ווי ער שרייבט אַליין, פאָלגנדיק ציל: „שרייבן אויף אַזאַ שפּראַך, וואָס איז פאַרשטענדלעך דעם פּשוטן יידישן עולם, אַרויסגעפינען קאָמישע און צוגלייך באַלערנדיקע געשעענישן פון ווירקלעכן לעבן; צוציען דעם לעזער מיט אַ מעשה, אַזוי, אַז אומעטום זאָל אַרויספּרעטן דער אמת, אָבער אין אַ פיינער פאָרם פון אַן אינטערעסאַנטער דערציילונג. אָט די שווערע אַרבעט האָב איך גענומען אויף זיך."

און ער האָט דאָס טאַקע באַוויזן אין זיינע פּיעסן: „דער ערשטער יידישער רעקרוט", „קבצן־עושר־שפּיל", „מאַן און ווייב, שוועסטער און ברודער" און די „גענאַרטע וועלט".

ווען די שפּעטערדיקע מחברים פון די פאַרשידנסטע מעלאָדראַמעס, „לעבנס־בילדער" און אַנדערע מינים „פּראָדוקשנס", וואָס האָבן אין דער נאָך־גאָלדפאַדען־עפּאָכע פאַרפלייצט דאָס יידישע טעאַטער, וואָלטן זיך אַזוי ציל־באַוווּסט, מיט אַזאַ דרך ארץ באַצויגן צו זייער אַרבעט און צו זייער עולם, וואָלט געווים נישט געקומען צו דער איצטיקער ירידה פונעם יידישן טעאַטער.

א דאנק אקסנפעלדן האָבן מיר אויך א באגריף וועגן די אייגנשאפטן און אייגנארטיקייט פון דער פאָלקס־שפּראך פון יענער צייט אין דרום־מערבדיקן טייל רוסלאנד.

„די כמעט סטענאָגראפישע גענויקייט אינעם פארשרייבן די לעבעדיקע שפראך, — זאָגט וועגן דעם דער היסטאָריקער מ. ווינער — גיט אקסנפעלדס שפּראך־רעגיס־טראַציע (פונקט ווי זיינע שטיינער־באשרייבונגען) חוץ דעם ליטעראַרישן באטייט אויך א באזונדער גרויסן שפּראַך־היסטאָרישן ווערט, זיינע ווערק זענען א וויכטיקער דאָקומענט פאר דער שפּראַך־געשיכטע פון יענער צייט.״

„אקסנפעלדס שאפן — שטעלט פעסט ד״ר י. צינבערג — דאָס איז א באַ־דייטנדיקער עטאַפּ אין דער אַנטוויקלונג פון דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור, דער ערשטער דרייסטער פּרוּוו צו פירן א ברייטן עקשנותדיקן קולטור־קאמף פאר אויפקלערונג, פאר נייע לעבנס־פאָרמען אויף דער שפּראך פון המון, פון די ברייטע פאָלקס־מאסן״.

## ד״ר שלמה עטינגער

דער צווייטער און טאַלענטירטסטער פון גאָלדפאדענס דריי פאָרגייער איז ד״ר שלמה עטינגער, געבוירן אין ווארשע אין יאר 1901. צו דרייסיק יאָר ענדיקט ער אין לעמבערג מעדיצין, זיין קינסטלער־נאַטור געפינט אָבער נישט קיין באפרי־דיקונג אין דער דאָזיקער פּראָפעסיע. ער דערפילט, אַז די יידישע ליטעראַטור איז זיין אייגנטלעכער באַרוף און נאָר אין איר קאָן ער זיך קינסטלעריש אויסלעבן. ער ווארפט זיך טאַקע אריין אין איר מיט לייב און נשמה און ווערט איינער פון די פּראָדוקטיווסטע שרייבער אויף די פארשידנסטע געביטן, אָנהויבנדיק פון משלים, עפּיגראַמען, טעאַטער־שטיק, ביז א סידור־איבערזעצונג אויף יידיש.

כדי זיך צו שאפן א באגריף וועגן זיין באַציאונג צו דער יידישער שפּראַך; פון דער דערהויבנקייט, מוזיקאַלישקייט און אָפּגעהיטנקייט פון זיין וואָרט, וועלן מיר ציטירן די תפילה „אני קראתיך כי תענני״, א מוסטער פון זיין סידור־איבערזעצונג:

„איך רוף צו דיר, וואָרום דו וועסט מיר ענטפערן; גאָט, נייג דיין אויער צו מיר, הער מיינע רייד. איך, איך זע דיין פּנים פול מיט גערעכטיקייט און תיכף ווי איך דערוואך, ווער איך זאט פון דיין געשטאַלט, וואָרום איך פארזיכער מיך נאָר אויף דיר, גאָט. איך זאָג תמיד: דו ביזט מיין האר, הער דאָס קול פון מיין געבעט, ווען איך שריי צו דיר, ווען איך הויב אויף מיין האַנט צו דיין הייליקן פּאַלאַץ. גאָט, מיין האר, איך האָב שוין צו דיר געבעטן — און דו האָסט מיך געהיילט; נאָר

צו דיר, גאָט, וועל איך רופן, נאָר צו דיר, גאָט, וועל איך בעטן. לאָז ליכטיק זיין דיין פּנים איבער דיין קנעכט און העלף מיר מיט דיין חסד, וואָרום צו דיר, גאָט, האָף איך, אַז דו וועסט מיר ענטפערן, גאָט, מיין האַר! הער צו מיין געבעט, גאָט, און פאַרנעם מיין געשריי, שווייג נישט צו מיינע טרערן, הער מיך צו, גאָט, און לייטזעליק מיך גאָט: און בלייב מיין העלפער."



ד״ר שלמה עטינגער

ווי מיר זעען, האָט עטינגער זיך געשטעלט די זעלבע אויפגאַבע וואָס מיט יאָרן שפּעטער יהואש מיט זיין תנ"ך־איבערזעצונג און האָט זי אָנגעהויבן דורכצופירן מיט דער זעלבער מייסטערשאַפט, הגם די יידישע שפּראַך איז נאָך דאַן גע־ווען אַ סך אָרעמער ווי אין יהואשס צייט. צום באַדויערן זענען פון דער דאָזיקער איבערזעצונג פאַרבליבן נאָר אייניקע פראַגמענטן און ס'איז בכלל נישט באַוווּסט, צי ער האָט זי דערפירט ביזן סוף.

עטינגער איז אָבער נישט נאָר קינסטלער אין דער פּאָעטישער, יום־טוב־דיקער שפּראַך, — ער דערגייט אויך צו מייסטערשאַפט ביים איבערגעבן דעם רעאַליסטישן שטייגער־לשון.

אינטערעסאַנט איז דער פּאַראַלעל צווישן אַקסענפעלד און עטינגערן דורכגעפירט דורך מ. ווינער: „עטינגער שטייט אומפאַרגלייכלעך העכער פון אַקסענפעלדן וואָס שייך קינסטלערישער עכטקייט, קינסטלעריש אויסגעגליכענער נאַטירלעכקייט, קאָנסטרוקטיווער און קאָמפּאָזיציאָנעלער אויסגעמאָסטנקייט און אָרגאַנישער ציל־זיכערקייט. ער שטייט אויף אַזוי פיל העכער פון אַקסענפעלדן, ווי אַ באַדייטנדיקער אַנטוויקלטער רעאַליסטישער קינסטלער פון אַ נאַאיוו־פּרימיטיוון זשאַנר־מאָלער. עטינגערס הומאָר איז שאַרף־פּוענטירט, אויסגעשליפן, טרעפלעך, פיין, מיט אַ גע־ניטער, זיכערער האַנט אָרגאַניזירט, זיין וויץ איז גראַציעז און שפּילעוודיק".

באַזיצנדיק די דאָזיקע מעלות, האָט טאַקע עטינגער באַרייכערט די יידישע ליטעראַטור פון דער פאַר־מענדעלע־תקופה מיט זיין העכסטער קינסטלערישער לייסטונג, מיט דעם מייסטערווערק: „סערקעלע".

ז י ג מ ו נ ט   ט ו ר ק אָ ו

# עטינגערס „סערקעלע"

די דאָזיקע קאָמעדיע, געשריבן אַרום 1830 יאָר, האָט ביז היינט צו טאָג קיין גלייכן נישט צו זיך — נישט אין דער יידישער און נישט אין דער העברעאישער ליטעראַטור.

די אומגעהויערע רייכקייט פון געשילדערטן לעבן, ווי אויך די מייסטער־שאַפט פון דער פאָרם שטעלט עטינגערן אין דער ערשטער ריי פון אונדזערע טעאַטער־שרייבער.

עטינגערס „סערקעלע" קאָן מען דרייסט פאַרגלייכן מיט די ערשט־ראַנגיקע מוסטערן פון דער אייראָפּעאישער דראַמאַטיק. נישט געקוקט אויפן בולטן איינפלוס פון מאָליער און לעסינג איז „סערקעלע" פונדעסטוועגן אַ זעלבסטשטענדיקע קינסט־לערישע שאַפונג. עטינגער ברענגט דאָרט אַרויס צום ערשטן מאָל אין דער יידישער ליטעראַטור אויף אַ בולטן און קינסטלעריש־שאַרפן אופן אַ גאַנצע ריי כאַראַקטע־ריסטישע נאַציאָנאַלע געשטאַלטן, וואָס קאָנען באַטראַכט ווערן פאַר אַ מאָנומענט פון שטייגער, לשון און בירגערלעכע פאַרהעלטענישן ביי יידן אין דער ערשטער העלפט פון 19טן יאָרהונדערט.

אמת, עטינגער שטעלט זיך נישט אין „סערקעלע" די פּראָבלעמען, ווי ס'האָט עס געטון אַקסענפעלד אין זיינע קאָמעדיעס; זיין וועלט־באַנעם איז אַ מער באַגרענעצטער ווי ביי אַקסענפעלדן, דערפאַר אָבער שטייגט ער איבער זיין פאָרגייער ווי אויך די גרעסטע טייל פון זיינע נאָכגייער מיט דער גלענצנדיקער קאָמפּאָזיציע און מיט דעם אומפאַרגלייכלעכן וואָרט־בוי, וואָס אַנטפּלעקט די דינסטע ניואַנסן און כאַראַקטער־שטריכן פון זיינע פּערסאָנאַזשן. נאָך אים האָט נאָר איין שלום־עליכם באַוויזן אַזוי צו מאָלן געשטאַלטן.

דער סוזשעט פון „סערקעלע" איז נישט אָריגינעל: פון איין זייט דער איינפלוס פון דייטשן בירגערלעכן טעאַטער, פון דער אַנדערער — פון מאָליערס „טאַרטוף"; — דאָך אָבער געלינגט דעם קינסטלער עטינגער צו שאַפן פון פרעמדן סוזשעט און אויסגעבאָרגטע מאָטיוו אַן איינגאַרטיק און אָריגינעל ווערק, וואָס קאָן מיט רעכט רעפּרעזענטירן אונדזער נאַציאָנאַל קלאַסישע קאָמעדיע.

האָט דאָך שעקספּיר אַנטליען זיינע סוזשעטן ביי פרעמדע, האָט דאָך מאָליער אויפן זעלבן אופן געשאַפן זיין טעאַטער, — ווייל נישט אין סוזשעט אַנט־פּלעקט זיך דער קינסטלער, נייערט אינעם אויסדרוק און פאָרעם, וואָס ווערט אים געגעבן.

וויסן מיר דאָך, אַז שלום־עליכם האָט געבעטן ביי זיינע באַקאַנטע אים

צוצושיקן סוזשעטן און דאָס האָט נישט געשטערט, אַז פון אַ דערציילונג פון אַ פּשוטן מילך־ייד זאָל אויסוואַקסן דער געניאַלער „טביה דער מילכיקער".

עטינגער האָט נישט דערלעבט צו זען זיין באַליבטע קאָמעדיע אויף דער בינע. נאָך זיין טויט איז „סערקעלע" בלויז איינמאָל געשפּילט געוואָרן פון די שילער פון דער זשיטאָמירער ראַבינער־שולע פאַר לערער און שטאָטישער אינטעליגענץ. וועגן דעם אָבער וועט אונדז נאָך אויסקומען צו רעדן, ווייל די דאָזיקע פאָרשטעלונג האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין גאָלדפאַדענס קאַריערע.

צום ערשטן מאָל אויף דער יידישער בינע איז „סערקעלע" אויפגעפירט געוואָרן אין וואַרשעווער „צענטראַל"־טעאַטער אין יאָר 1923 און טאַקע מיר איז צוגעפאַלן דער כבוד פון דער דאָזיקער געשעעניש.

זי האָט אויך גלייכצייטיק געגעבן דער גרויסער אסתר רחל קאַמינסקאַ די געלעגנהייט זיך צו באַווייזן אין אַ נייער ראָל און אין אַ גאַנץ נייעם זשאַנר פאַר איר. ס'איז אויך געווען איר לעצטע ראָל.

אין די יידישע טעאַטער־קרייזן האָט מען געהאַלטן, אַז אונדזער עולם האָט נישט קיין פאַרשטענדעניש פאַר קאָמעדיע. גיב אים אָדער אַ דראַמע, וואָס „דערלאַנגט איבערן קאָפּ", אָדער אַ פריילעכע, געפעפערטע אָפּערעטע צום „קאַטשען זיך".

ווען איך בין צוגעטרעטן אויפצופירן מאָליערס „קאַרגן" אין דער אַזוי גערופענער „אַדאַפּטאַציע" און אין געזאַנג און טענץ, האָט מען זיך לכתחילה באַציגן מיט אומצוטרוי צום דאָזיקן פאַרמעסט.

דער גרויסער דערפאָלג אָבער פון דער דאָזיקער קאָמעדיע, ווי אויך אין אַ צייט אַרום פון גאָגאָלס „רעוויזאָר", האָט אויף אַ קאַטעגאָרישן אופן צונישט געמאַכט די דאָזיקע פאָראורטיילן. מיר האָבן, פאַרקערט, מיט די דאָזיקע פּיעסעס דערוואָרבן אַ נייע אוידיטאָריע, די שול־יוגנט, וועלכע האָט זיי קלאַסן־ווייז און שולעסווייז באַזוכט.

עס איז אַנטשטאַנען אַ באַדערפעניש דער דאָזיקער יוגנט צו באַווייזן, אַז מיר פאַרמאָגן אויך אַן אייגענע דראַמאַטיק, אַן אָריגינעלע קלאַסישע קאָמעדיע. אַ נאַציאָנאַל טעאַטער קאָן זיך דאָך נישט באַזירן אויסשליסלעך אויף איבערזעצטן רעפּערטואַר. מיר האָבן אַלזאָ פאַרשטאַנען די אחריות פון דער דאָזיקער אויפגאַבע. חוץ קולטור־דערציערישן ווערט, האָבן מיר אין דעם אויך געזען אַ פראַגע פון נאַציאָנאַלן פּרעסטיזש און קינסטלערישער נויטווענדיקייט. דער אויסוואַל איז אַלזאָ געפאַלן אויף עטינגערס „סערקעלע" און ווי ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, איז ער געווען אַ גליקלעכער.

הגם אין מיין באַזיץ האָט זיך געפונען אַ געדרוקטער עקזעמפּלאַר פון



זיגמונט טורקאָוו אין מאָליערס „קאַרגן"

אַן אַלטער וואַרשעווער אויסגאַבע, האָב איך מיך פאַר דער אַרבעט באַנוצט מיט דעם צענזורירטן מאַנוסקריפּט וואָס האָט זיך געפונען ביי נח פּרילוצקי. פּרילוצקי ווידער האָט דעם מאַנוסקריפּט געהאַט באַקומען פונעם וואַרשעווער צענזאָר ערענבערג, דער מאַן פון עטינגערס אַן איינִיקל.

ס'איז כדאי צו דערמאָנען, אַז דער דאָזיקער מאַנוסקריפּט איז געווען איינער פון אַ גאָר גרויסער צאָל קאָפּיעס, וועלכע עטינגער פלעגט אייגנהענטיק איבערשרייבן און פאַרשפּרייטן צווישן זיינע באַקאַנטע.

„סערקעלע" פאַרמאָגט נישט די פאַרביסענע קעמפערישקייט פון אַקסענפעלדס פּיעסעס. עטינגער טרעט אין איר אַרויס קעגן דער אָפּגעשטאַנענקייט פון דער גביריש־באַלעבאַטישער סביבה, רייסט אַראָפּ די מאַסקע פון צביעות און גאָט־פאַרכטיקייט ביי די שיינע יידן און גאָט־סטראַפּטשעס, אָבער ער טוט דאָס אין אַ

געמיטלעכן, רואיקן טאָן, מיט אַ גוטמוטיקן הומאָר, ווי אַ זייטיקער, אָביעקטיווער אָבסערווירער.

אָט אָ דעם גוטמוטיקן הומאָר האָב איך אויף אַן ענלעכן אופן געזוכט ארויסצוברענגען סיי אין דער אינטערפּרעטאַציע פון די טיפּן, ווי אויך אין דער אויסערלעכער פאָרעם, ס'האָט זיך באַדאַרפט שאַפן אַ סצענישער סינטעז פון עטינ־גער דעם קינסטלער, עסטעט און סטיליסט.

עס איז מיר געגאַנגען אויך אינעם ארויסברענגען די שטייגערישקייט פון דער שפּראַך, דאָס הייסט דעם לעמבערגער דיאַלעקט מיט זיין פאָנעטיק, מיט וועלכן די גרעסטע טייל פון די פּערסאָנאַזשן באַנוצן זיך; זיין לעבעדיקע פאָלקסטימלעכ־קייט און גלייכצייטיק הויך־קינסטלערישן זאַץ־בוי. עטינגערס פאָלקלאָרישע וואָרט פאַרמאָגט אַן אוצר פון פאַרב און ניואַנסן, וואָס ווערט דורך אים מיט ליבע און פּיעטעט קולטיווירט.

מיט נישט ווייניקער ליבע און דרך ארץ זענען מיר צוגעטרעטן אויפצו־לעבן דעם דאָזיקן קולטור־היסטאָרישן דאָקומענט און געבן אים אַ סצענישן תיקון.

ד״ר יצחק שיפּער האָט אונדז דערביי פיל געהאָלפן אַלס שפּראַך־עקס־פּערט און די צוגרייטונגס־ארבעט האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ וויסנשאַפטלעכער לאַבאָראַטאָריע פון דיאַלעקט־פאָרשונג.

פּראָפ. מאיר באַלאַבאַן האָט געשטעלט צו אונדזער דיספּאָזיציע זיין אר־כיוו פאַר קאָסטיומאָלאָגיע, דאָס זעלבע דער היסטאָרישער מוזיי ביי דער וואַר־שעווער קהילה.

אונדזער קינסטלער משה אַפּעלבוים האָט אַלזאָ געהאַט אַן אמתן אוצר פון מאַטעריאַלן פאַר זיינע סקיצן צו די קאָסטיומען און דעקאָראַציעס. די בינע האָט טאַקע דערמאָנט די פּרימיטיווע, געשטריקטע וואָלוטשקענע בילדער, וואָס פלעגן באַשיינען די ווענט פון אונדזערע זיידעס און עלטער־זיידעס.

יצחק שלאָסבערג האָט פון אַלט־גאַליציאַנער מאָטיוון קאָמפּאָנירט די מוזיקאַלישע „מאָראַלן״ פאַר די אַריינפירן און די ריקודלעך און מצוה־טענצלעך פאַר דעם סוף פון יעדן אַקט.

דער בדחן שיעלע באָקסענבוים האָט אויסגעזוכט אַ „כלה־באַזינגעכץ״ פון אַמאָליקע לעמבערגער בדחנים און מיט דעם טאַקע האָט דער משרת חיים אויף אַ קאַטאָוועס באַזונגען די דינסט־מויד חוה.

קלעזמער אין אַלט־גאַליציאַנער יידישע טראַכטן האָבן צוגעשפּילט אין צוויי אויבערשטע לאָזשעס פוןביידע זייטן בינע.

די בינע גופא האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ גרויסע קאָפּיע פון דעם צענזורירטן עקזעמפּלאַר פון „סערקעלע״.

פון איין זייט איז מיט גרויסע אותיות געווען אויסגעדרוקט מיט שטינגערס האנט :

| |
|---|
| סערקעלע |
| אָדער |
| דיא יאהר צאט נאָך א ברידער |
| גאָר א נאַי טעאטער־שטיק |
| אין דראַי אויפציהען |
| פון |
| שלמה עטינגער. |

(אגב אין אָריגינאַל ווערט די פּיעסע געטיילט אין 5 אַקטן; אין אונדזער אינסצעניזאַציע איז זי געטיילט געוואָרן אין 3 אַקטן.)

פון לינקס איז געווען מיט גאָטישע אותיות אויסגעשריבן א פראַזע פון „קויפמאַן פון ווענעדיק", וואָס האָט געדינט אַלס מאָטאָ.



דער פראָלאָג פון „סערקעלע"

די צווייטע זייט פון, בוך האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט א קאָפּיע פון דער גוייִשער צענזור מיטן אונטערשריפט און סטעמפּל.

און אַט הויבט זיך אָן די פאָרשטעלונג. אין די בײדע לאָזשעס זיצן זיך אָן קאַנדעלאַבּרעס. די קלעזמער ווייטיקן אויס אַן אַלטן „מאָראַלישן" ניגון, אונטער וועלכן ס'גייט לאַנגזאַם אויף דער פּוירהאַנג. מ'אַנטפּלעקן זיך די פאַרשטויבטע זייטן פון צענזורירט, עקזעמפּלאַר. ס'באַווייזט זיך שלמה עטינגער אַליין, געשפּילט פון אברהם לעווין. ער טוט אויס דעם צילינדער, פאַרנייגט זיך טיף פאַרן עולם און זאָגט זיין „וואָרט פריר", וואָס דינט אַלס איינלייטונג צו דער קאָמעדיע:

„סאַמע גיטס נאָר אליין
קאָן אין דער וועלט נישט באַשטיין;
וואָרן ווי אַזוי קאָן מען וויסן, אַז עס איז גוט,
אַז מען ווייסט גאָר פון דעם שלעכטן נישט.
איך בין אַזוי קליג,
עס איז פאַר מיר גענוג,
אַז מען וועט אין דעם ביכל דרינען
כאָטש נאָר א ביסעלע גוטס געפינען.
מערקעלעך גיי אין דער וועלט אַריין,
לאָז מען דיך א ביסל דערקענען.
איינער וועט זאָגן, דו ביסט גוט און פיין,
דער אַנדערער וועט דיך פאַרברענען.
איך בעט אָבער נאָר דאָס איינע —
עס איז א בקשה, אָבער גאָר א קליינע —
לאָז מען טון מיט סערקעלען וואָס מען וויל,
נאָר קענן מיר לאָז מען זיין גאָר שטיל".

ער פאַרנייגט זיך ווידער און גייט אָפּ. קלעזמער שפּילן א פרייליכס. פון בײדע זייטן שפּרינגען ארויס צוויי לוסטיקע בחורימלעך מיט צעפּלאָמטע בעקעלעך, מיט צעשויבערטע פּיאהלעך פון אונטער די יאַרמעלקעס און צעבלאָזענע טלית־קטנס. צוטאַנצנדיק צום ריטם פון דעם פריילעכן ריקוד, שטויבן זיי אָפּ מיט זייערע פאַטשיילעס דעם שטויב פון דער צייט, וואָס באַדעקט דאָס בוך. און אַט צעעפענען זיי בײדע זייטן פון דעם בוך און אַזוי אַרום שטייט אויף תחית־המתים א קונסט־ווערק, וואָס איז א גאַנצן יאָרהונדערט פאַרבליבן אין פאַרגעסנקייט.

די אייגנטלעכע אַקציע הויבט זיך אָן. עטינגער לעבט אויף א צעשמיי־בלטער, א באַנייטער, א נאָענטער.



אַלס מוסטער פון דער לעבעדיקייט פון עטינגערס דיאַלאָג און רייכקייט פון שפּראַך, ברענגען מיר דאָ פאָלגנדיקן דיאַלאָג צווישן סערקעלע און יוחנן דעם שדכן פונעם ערשטן אַקט:

ר׳ יוחנן:

גאָט העלף אייך, סערקעלע.

סערקעלע:

ברוך הבא, ר׳ יוחנן. וואָס זאָגט איר גיטס? זיצט אַביסל אַנידער. (זי זעצט זיך.)

ר׳ יוחנן (זעצט זיך):

אָט בין איך אַביסל אַריבערגעקומען, מיר זענען דאָך איצט שכנים. און ס׳אַנדערע, איך האָב געהערט, אַז אייער מאַן זאָל לעבן קלאָגט זיך עפּעס, בין איך אים געקומען מבקר חולה זיין.

סערקעלע:

ווער? מיין משה? אַך איז מיר. וואָס פעלט אייך איין? ער איז, געלויבט צו גאָט, פריש און געזונט. ווער האָט אייך די ליגענס געזאָגט, ווער?

ר׳ יוחנן:

איך קאָן מיך אסור נישט דערמאַנען, ווער עס איז היינט ביי מיר געווען און האָט מיר דאָס געזאָגט... (וויל זיך כלומרשט דערמאַנען) איך קאָן מיך אסור נישט דערמאַנען.

סערקעלע:

אַז זיי זאָלן רעדן אין גרויסע ליידן, אוי, מיינע כחות. וואָס שונאים קאָנען אַלץ אויסטראַכטן. הלוואי העט איך אָן זיין שאָדן אַזוי געזונט געווען ווי ער.

ר׳ יוחנן:

נו, קימט מיין שמיעה אפיר, זייט פון מיינעט וועגן געזונט און פריש, איר זאָלט אייך עלטערן אין עושר און אין כבוד, איר זאָלט דערלעבן שמחות און גדולות אָן אייער קינד, טאַקע אַזוי ווי עס קימט אייך.

סערקעלע:

אמן, ליבער גאָט.

ר׳ יוחנן:

זעט איר, איך האָב דאָ גראָד גערעדט מיט אייער מאַן פון אַ שידוך פון אייער אַלטעלעס וועגן, זאָל לעבן. מילא, אים געפעלט עס זייער, איך זאָג

אייך — ער איז גאָר אוועק, נאָר ער זאָגט: וואָס מיין ווייב זאָל לעבן וועט טון, וועט זיין געטון. כ׳לעבן א נחת צו האָבן אזא מאַן. איר זענט דער בעל־הבית און בעל־הביתטע, וואָס איר רעדט איז גערעדט.

סערקעלע (שמייכלט):

אויב איך האָב, אַן עין־הרע, ביי אים א גיטע דאָליע? און ווידערום, פאַר־דין איך עס אפשר נישט? ער, אימשטיינס געזאָגט, איז דאָך טאַקע, צווישן אונדז געשמיעסט, א גרויסער שלימעזאַלניק; קוקט אים נאָר אָן, אויב עס האָט עמעץ פאַר זיין גאַנץ לייב און לעבן געוואָלט געבן כאָטש צען קריי־צער. ער טויג דאָך טאַקע צו גאָרנישט. איך זאָג אייך, טאַקע צו גאָרנישט. ווער טוט אַלץ? ווער האָרעוועט? ווער שניידט קריעה? איי, מיינע כחות. ווער אַרבעט נעבאַך אזוי שווער און ביטער ווי איך?

ר׳ יוחנן:

אוודאי זענט איר גערעכט. אָט דאַרף מען א קינד אויסצוגעבן, פאַרלאָזט ער זיך אינגאַנצן אויף אייך. און, קימט מיין שמיעה אפיר, איך בין דאָך אויך קיין נאָר נישט, איר וועט אם ירצה השם תנאים שרייבן און חתונה מאַכן אָן אים אויך.

סערקעלע:

עס איז כ׳לעבן אמת, וואָס שמיעסט איר דאָ? נאָר לאָמיר כאָטש נאָר הערן, ווער דער חתן איז — אפשר גאָר א סטודענט?

ר׳ יוחנן:

ע, וואָס? אייך וועל איך פּלוצלינג רעדן מיט א סטודענט? שטייט דאָס אייך אָן? אזוי א מיוחסת? אזוי א נגידה? גייט שוין, גייט, אזוי א קליגע יידענע ווי איר זענט זאָל מיך קענען חושד זיין, אז איך וועל אייער כשר קינד רעדן מיט א סטודענט? (שפּייט אויס אַזוי ווי אין כעס) פּוי, נאַ. מיר דאַכט זיך, קימט מיין שמיעה אפיר, אז איך בין אויך נישט ערשט פון דעם איי אַרויסגעקראָכן און ווייס גאַנץ גיט, אז דער שענקער דאַרף זיין ווייַן, און דער שפּינער זיין פלאַקס — נו, וועל איך אייער קינד רעדן מיט א סטודענט? זעט איר, איך — איך שלאָג אייך אָן א שידוך, וואָס ער איז א קינצלעכע זאַך אויף דער וועלט און איר מעגט מיר בנאמנות גלייבן, אז ער איז אוודאי מן השמים.

סערקעלע:

נו, יאָ, ווער איז ער אָבער, ווער? איז ער עפּעס פון שיינע לייט? איז ער אַן עושר? איז ער עפּעס א שיין פאַרשווינדל? אוי מיינע כחות. האָט ער עפּעס געלט, הא?

ר׳ יוחנן:

אויב ער איז פון שיינע לייט? ער קומט דאָך אַרויס פון גדולי הדור. מילא פון מוטערס צד — איז ער דאָך דער ערשטער מיוחס, זי האָט זיך דאָך אָנגעקערט מיט דעם גרויסן רבי רב זלמן פון איין זייט און פון דער אַנ־דערער זייט איז זי דאָך געווען איינגעטינקט אין יחוס. און ווער שמיעסט זיין פאָטערס משפחה — האָט דאָך טאַקע געשווויבלט און געגריבלט פון רבנים, קורץ, וואָס האָב איך אייך דאָ אַ סך צו זאָגן, קומט מיין שמיעה אפיר — פון זאָגן ווערט מען נישט טראָגן — זיין יחוס־בריוו גייט ביז אין די אַלטע צייטן, דהיינו, מאָלט אייך, ביז צו עלי הכוהן, פאַרשטייט איר מיך שוין?

סערקלע (שאָקלט מיטן קאָפּ און חידושט זיך):

טאַקע ביז צום הייליקן כוהן?

ר׳ יוחנן:

אויב ער האָט געלט? אויף אַלע ייִדן געזאָגט. מיין אייגנס זאָל איך האָבן וואָס ער באַדאַרף, איך וויל נישט זאָגן אין אַ יאָר. קומט מיין שמיעה אַפיר, אַז מען ווייזט אַ הונט אַ פינגער, וויל ער די גאַנצע האַנט. איך ווינטש מיר נאָר צו האָבן וואָס עס גייט אים אַוועק אין אַ חודש. ער איז דאָך טאַקע גאָר אַ שררה, ער לעבט זיך דאָך ווי אַ גביר און איז דאָך דאָס דער גרעסטער מוהר אויך, ער האַנדלט דאָך מיט דער גאַנצער וועלט.
(אַלטעלע עפנט שטיל די טיר, זיי זאָלן נישט הערן און האָרכט אונטער.)

סערקעלע:

זאָגט זשע מיר נאָר, ווער איז דער חתן? אפשר קען איך אים?

ר׳ יוחנן:

איר קענט אים גאַנץ גוט, ער איז ביי אייך גאָר אַ בן בית, ער הייסט — ר׳ גבריאלכן הענדלער. נו? וואָס זאָגט איר? ווייס איך מיט ווער מען אייך צו רעדן, הע?

סערקעלע:

ר׳ גבריאל הענדלער. יאָ, איך קען אים גאַנץ גוט, ער קומט טאַקע אַלע טאָג צו מיר, אָך. ער איז ערשט היינט דאָ געווען.

ר׳ יוחנן:

נו, אדרבא, ווי געפעלט ער אייך? איז דאָס נישט זייער אַ גלייכער שידוך? מיר דאַכט זיך, אַז עס קאָן שוין גאָר קיין גלייכערער שידוך אויף דער וועלט נישט זיין, ווי דער איז.

סערקעלע:

נו, יאָ, איך זאָג אייך דעם אמת, קיין שלעכטער שידוך איז דאָס נישט, אַי, מיינע כּחות. ער געפעלט מיר אַפילו, ער איז גאָר קיין חיות נישט, נאָר —

ר' יוחנן (פאַלט אַריין אין די רייד):

נו, וואָס נאָך ווילט איר? אַז ער געפעלט נאָר אייך, ווען דאַרפט איר נאָך צו פרעגן? איך זאָג אייך? אייער זאָל לעבן איז דער שידוך זייער געפעלן, וואָס טייטש. ווי איך האָב אים נאָר אָנגעשלאָגן, איז ער גאָר אויסגעגאַנגען. גלויבט מיר, ער איז גאָר אוועקגעווען.

אַלטעלע (אין דער שטיל צו זיך):

הונדערט און צוואַנציק יאָהרע זאָל ער פאַר דאָס לעבן.

סערקעלע:

יאָ, ווער ווייסט וואָס מיין בת־יחידה וועט הערצו זאָגן? אויב ער וועט אַלטעלען געפעלן?

אַלטעלע (אין דער שטיל צו זיך):

איינעם קראַנקן פרעגט מאַן... (זי עפנט אויף די טיר און מאַכט זי ווידער צו, גלייך זי וואָלט ערשט אַריינגעקומען און לויפט צו צו סערקעלען) מאַמעניו. האָסט דו ניכט די שליסעלעך גענאָמען?

סערקעלע:

וואָס טייטש, מיין האַרץ? דו גייסט דאָך אין זיי אָנגעהאָנגען. אָט דאָס איז שיין — רייטסט אויף דעם פערד און זוכסט עס.

ר' יוחנן:

דאָס איז דאָך, דאַכט מיר, אייער אַלטעלע, זאָל לעבן? (ער באַקוקט אַל־טעלען פון אויבן ביז אַראָפּ) נו, כ'לעבן, זייער אַ פיין מיידל געוואָרן, קימט מיין שמיעה אַפיר — אויס קינדער ווערן לייט, נו, מיין קינד, ווילסטו שוין אַ חתן?

אַלטעלע (שעמט זיך קלאָמערשט):

לאַסט מיך דאָך גיין מיט אַ ברוויטיגאַם.

סערקעלע (לאַכט און ווינקט צו יוחנן):

אָט גלוסט זיך אייך עפּעס דאָ, דאָטשעפּעט נאָר דאָ מיט איר, וועט זי אייך דאָ געבן פאַר ס'אייעריקע.

ר' יוחנן (שמייכלט):

וואָס ביזטו דאָס אַזוי בייז אויף מיר, מיין לעבן? ווייל איך וויל דיר געבן אַ שיינעם חתן, הע?

אלטעלע (קוקט אָן סערקעלען און לאַכט):

סערקעלע:

נו, פאַרוואָס ענטפערסטו נישט? ביזט שטום, הע?

אלטעלע:

ווייס איך? וואָס זאָל מיר איין ברויטיגאַם? איך ברויך נישט קיינעם.

ר' יוחנן:

רעד זשע נישט ווי קיין קינד, מיין לעבן, וואָרן איך האָב פיינט אז מען רעדט נאַרישקייטן. וואָס טייטש, וואָס עס טויג דיר א חתן? קומט מיין שמיעה אפיר, דו ביסט דאָך שוין, קָן עין־הרע, אלט . . .

סערקעלע (פאַלט אים אַריין אין די רייד):

דרייצן יאָר, זי זאָל לעבן און געזונט זיין.

ר' יוחנן:

נו, זאָג־זשע, כלעבן. איך האָב זייער א פיינעם חתן פון דיינעטוועגן, ער וועט דיר געפעלן.

אלטעלע:

געפעלט ער נאָר דער מאַמעניו, וועט ער מיר אויך געפעלן (זי וויל קלאָ־מערשט אָוועקלויפן).

ר' יוחנן (כאַפּט זי אָן ביי דער האַנט):

וואָס אנטלויפסטו? קים נאָר אַהער. זעסטו, אז דו רעדסט ווי א קליינ מיידל, האָב איך דיך גאַנץ ליב. גלייב מיר, איך רעד דיר א חתן זייער א שיינעם פּאַרשוין, א גרויסע פיינער בריה, אן אדיר־שבאדירים, ער האָט זיין אייגנס א סך, טאַקע א סך געלט, ער איז זייער גוט און פרום, ער פירט זיך ווי גאָט געבאָטן האָט — און דו, מיין קרוינישע, קענסט אים אויך.

אלטעלע:

איך? איך קאָן אים אויך?

סערקעלע:

יאָ, דו קענסט אים, מיין הארץ. דו קענסט אים זייער גוט — קענסטו ר' גבריאל הענדלער?

אלטעלע (שעמט זיך קלאָמערשט):

נו, יאָ, איך קאָן אים, איך האָב אים אמת היר ביי דיר א מאָל געזען.

ר' יוחנן:

ווילסטו אים פאַר א חתן?

אלטעלע (לאַכט):
איך האָב יא שוין אמאָל געזאָגט: ווען ער געפעלט דער מאמעניו, ווירט ער מיר געוויס אויך שוין געפעלן. (זי לויפט אַוועק).



אסתר רחל קאַמינסקי אַלס „סערקעלע"

אין אַזאַ לעבעדיקן, פאָלקסטימלעכן דיאַלאָג ווערט געפירט די גאַנצע קאָמעדיע, וועלכע איז דורכגעפלאָכטן מיט אָן אַ שיעור קאָמישע סיטואַציעס און המצאות און שפּרודלט מיט גלייכווערטלעך, שפּריכווערטער, פאָלקס־הומאָר און פילאָזאָפיע.

דער וועלט־חורבן האָט פאַרצערט דעם ווילנער „אגוואַ" ווי אויך מיין פּערזענלעכן אַרכיוו, ווו ס'האָבן זיך געפונען אָפּרופן, אַרטיקלען, פּראָגראַמען, אַפישן און דער גאַנצער צוגרייטונגס־מאַטעריאַל פון דער דאָזיקער אויפפירונג.

איך האַלט אַלזאָ פאַר מיין חוב איבערצוגעבן די נעמען פון די אָנטייל־נעמער אין דער דאָזיקער היסטאָרישער פאָרשטעלונג, פון וועלכע אַ העלפט זענען קדושים:

ר' משה דאַנציקער — — — — — — אַדאַם דאַמב
סערקעלע, זיין ווייב — — — — — — אסתר רחל קאַמינסקאַ
פריידע־אַלטעלע — — — — — — סאָניאַ אַלטבוים
היודע, אַ יתומה — — — — — — דיאַנאַ בלומענפעלד
ר' גבריאל הענדלער,
אַ שפּעקולאַנט — — — — — דוד לעדערמאַן
מאַרקוס רעזלער, אַ סטודענט — יאָנאַס טורקאָוו
ר' יוחנן, אַ שדכן — — — — — שמואל לאַנדע
אַ פרעמדער — — — — — — — משה ליפּמאַן
אַ דאָקטאָר — — — — — — — הערמאַן פיינשטיין
ר' שמעלקע טרויניקס, אַ ליטוואַק זיגמונט טורקאָוו
בערל, זיין הויז־יונג — — — — — פסחיה קערמאַן
הָהָ, אַ דינסט־מויד — — — — — אידאַ קאַמינסקאַ
חיים, אַ משרת — — — — — — וו. גאַדיק
ירחמיאל, אַ משרת, זאַהיקעט זיך יעקב מאַנדעלבוים

זאָל אויך דערמאָנט ווערן דער אָנדענק פון שלמה מענדלסאָן, וועלכער האָט נאָך אויף דער שול־באַנק דערוועקט ביי מיר אינטערעס צו יידישער קולטור און אין יאָרן אַרום צו עטינגערס „סערקעלע".

אין יאָר 1927 האָבן מיר בעת אַ טורנע פונעם „וויקט" באַזוכט זאַמאָשטש, פּרצעס געבוירנשטאָט. אויפן דאָרטיקן בית־עולם געפינט זיך דער קבר פון שלמה עטינגער. מיר האָבן געהאַלטן פאַר אונדזער חוב אים צו באַזוכן. שווער געווען זיך אָבער צו דערוויסן, ווו דער קבר געפינט זיך, מ'האָט בכלל נישט געוווּסט פון אים. ביז ס'האָט זיך געפונען אַ שמש אַ זקן, וואָס האָט אונדז דורך הויכע גראָזן און



אסתר רחל קאַמינסקי אַלס „סערקעלע"
און סאָניאַ אַלטבוים אַלס פריידע־אַלטעלע



זיגמונט טורקאָוו אַלס ליטוואַק

שטעכיקע קוסטעם צוגעפירט צו אַ פאַרוואָרלאָזטן, פאַרוואַקסענעם שטיין, אונטער וועלכן ס'האָט גערוט דער מחבר פון „סערקעלע". די אותיות אויף דער מצבה זענען נאָך געווען לעזבאַר, כדי אָבער זיי איבערצולייענען האָבן מיר געמוזט אַרויסרייסן די הויכע קראָפּעווע און שטעכיקע דערנער.

מעגלעך אַז היטלערס חיות האָבן מיט דעם דאָזיקן שטיין געפלאַסטערט אַ שאָסיי און פון דעם קבר איז קיין זכר נישט געבליבן.

עטינגער האָט זיך אָבער אַ לעבעדיקן און אומצעשטערבאַרן מאָנומענט געשטעלט אין דער יידישער ליטעראַטור, זיין נאָמען איז: „סערקעלע".



באַזוך פון דער „וויקט"־טרופּע ביים קבר פון ד"ר שלמה עטינגער איז זאַמאַשטש (יאָר 1927)

אויפן בילד פון רעכטס צו לינקס: מ. מעלמאַן, י. מאַנזעלבליט, ס. אַלטבוים, א. דאָמב, עפּשטיין, אסתר ראַפּעל, אידאַ קאַמינסקי, זיגמונט טורקאָוו, יצחק גרודבערג־טורקאָוו, חיים, מ. מאַקסימאָוו און זלמן הירשפעלד

# אברהם בער גאָטלאָבער

אונטערן איינפלוס פון „סערקעלע" האָט אָנגעהויבן צו שרייבן פאַרן טעאַטער דער דריטער פון גאָלדפאַדענס דריי פאָרגייער, אברהם בער גאָטלאָבער.

געבוירן אין יאָר 1811 אין אַלט־קאָנסטאַנטין, אין אַ משפחה פון חזנים און מנגנים, האָט ער פון קינדווייז אָן אַרויסגעוויזן אַ נייגונג צו נגינה און צו פאַר־פאַסן לידער מיט אייגענע מעלאָדיעס.

אַט וואָס דער העברעאישער שרייבער און קריטיקער א. י. פּאַפּערנאַ שרייבט וועגן דעם אין זיינע זכרונות: „אַ זון פון אַ חזן, האָט גאָטלאָבער געירשנט פון זיין פאָטער אַ מוזיקאַלישן טאַלענט. ער איז געווען אַ גוטער בעל־תפילה און זיינע פאָלקס־לידער האָט ער געזונגען אין טאָן פון דער יידישער נאַציאָנאַלער מוזיק: אַט די פאָלקס־מאָטיוון האָבן זיינע לידער נאָך מער פּאָפּולער געמאַכט".

צו 27 יאָר שרייבט ער אָן זיין איינציקע פּיעסע „דער דעקטוך, אָדער צוויי חופּות אין איין נאַכט".

אין דער דאָזיקער פּיעסע באַקומען זייער אויסדרוק פון איין זייט — גאָטלאָבער דער משכיל, וואָס באַקעמפט אויפן שאַרפסטן אופן די פאַרשימלטע לעבנס־פאָרמען, און פון דער אַנדערער — גאָטלאָבער דער קאָמעדיאַנט, דער יורש פון די „געזעליקע לייט", מאַרשעליקס און פּורים־שפּילער.



א. ב. גאָטלאָבער

פון דעם דאָזיקן סינטעז וואַקסט אַרויס זיין „דעקטוך", די שאַרפע סאַטירע, וואָס איז דורכגעפלאָכטן מיט פריילעכע אַרלע־קינאַדע, געזונטן פאָלקסטימלעכן געלעכטער און לוסטיקע קופּלעטן.

דאָס איז די ערשטע קאָמעדיע מיט געזאַנג און לידער, וואָס האָט שפּעטער געדינט אַלס וועגווייזער גאָלדפאַדענען.

דער „דעקטוך" צייכנט זיך אויך אויס דערמיט, וואָס אַלע זיינע פּערסאָנאַזשן רעדן אַ ריינעם יידיש און צו יעדער גע־שטאַלט איז צוגעפּאַסט אַ לשון, וואָס זאָל אויף אַ געהעריקן אופן זי כאַראַקטע־ריזירן.

אפילו די „פּאָזיטיווע" געשטאַלטן, ד. ה. די אויפגעקלערטע און געבילדעטע, וועלכע האָבן אין די פּיעסעס פון זיינע פאָרגייער און ביי אַ טייל נאָכגייער מיט גאָלדפאַדענען בראָש גערעדט דייטש, רעדן ביי גאָטלאָבערן אַ פאָלקסטימלעכן יידיש.

* * *

מיט די דאָזיקע דריי גרויסע: אַקסענפעלד, עטינגער און גאָטלאָבער איז נאָך אָבער נישט אויסגעשעפּט דאָס צעטל פון גאָלדפאַדענס פאָרגייער.

ס'פלעגן פון צייט צו צייט דערשיינען פּיעסעס פון אַנאָנימע מחברים, וואָס האָבן אָבער קיין ספּעציעלן ווערט נישט געהאַט; ס'האָט אויך מענדעלע מוכר ספרים אין יאָר 1869 פאַרעפנטלעכט זיין „טאַקסע". דער גרויסער סטי־ליסט און סאַטיריקער האָט זיך אָבער געפילט נישט היימיש אין דער דראַמאַטי־



זיגמונט טורקאָוו
אין דער ראָל פון „מענ־
דעלע מוכר ספרים" אין
זיין סצענאָ־מאָנטאַזש
אונטערן נאָמען „אָמר
ר׳ מענדעלע", צום
ערשטן מאָל אויפ־
געפירט אין רעסיפע,
בראַזיל

שער פֿאָרם און זיינע פּיעסעס זענען דעריבער ווייט הינטערשטעליק פֿון זיינע אַנדערע ווערק.

דאָקעגן האָבן מענדעלעס שריפֿטן געליפֿערט זייער פֿיל ווערטפֿולן מאַטעריאַל פֿאַר פֿאַרשידענע דראַמאַטיזירונגען, וואָס זענען געמאַכט געוואָרן דורך אַ גאַנצער ריי רעזשיסאָרן און אַדאַפּטירער.

דעם גרעסטן רושם האָט געמאַכט דאָברושינס באַאַרבעטונג פֿון „מסעות בנימין השלישי", וואָס איז אויף אַ מייסטערהאַפֿטן אופֿן אויפֿגעפֿירט געוואָרן פֿון אַלעקסאַנדער גראַנאָווסקי אין „מאָסקווער יידישן מלוכה־טעאַטער".



אַלעקסאַנדער גראַנאָווסקי

פֿון דער פֿאַר־גאָלדפֿאַדען דראַמאַטיק איז נאָך כדאי צו דערמאָנען לודוויק לעווינזאָנס 5 אַקטיקע קאָמעדיע: „די ווייבערישע קניפּלעך", וואָס איז אין 1874־סטן יאָר דערשינען אין ווילנע

די דאָזיקע קאָמעדיע צייכנט זיך אויס מיט איר נאַטירלעכקייט, די סיטואַציעס זענען פּשוטע, נישט געקינצלטע, די האַנדלונג איז פֿריי פֿון די כלערליי „נסים" און אויסטערלישע פּאַסירונגען, וואָס זענען אַזוי כאַראַקטעריסטיש פֿאַר דער דראַמאַטיק פֿון 19טן יאָרהונדערט; די שפּראַך אַ לייכטע, פֿאָלקסטימלעכע, איז באַגלייט פֿון אַ געזונטן געלעכטער.

זענען טאַקע „די ווייבערישע קניפּלעך" שטאַרק באַליבט געווען ביים יידישן לייענער און זענען טאַקע אין אַ קורצער צייט דערשינען אין אייניקע אויס־

עס זענען אפֿילו געמאַכט געוואָרן אייניקע פּרוּוון אויפֿצופֿירן די „ווייי־

גאַבעס.

בערישע קניפּלעך", זיי האָבן אָבער קיין ספּעציעלן אָפּקלאַנג נישט געפֿונען. די דאָזיקע קאָמעדיע וואָס האָט בירגער־רעכט אין אונדזער קלאַסישער ליטעראַטור, וואַרט נאָך אויף איר סצענישן תיקון.

ס'איז אָבער פֿאַלש צו מיינען, אַז דער וועג פֿאַר גאָלדפֿאַדענען איז געוואָרן אויסגעטרעטן אויסשליסלעך פֿון דראַמאַטיקער.

גאָלדפֿאַדענען וואָלט נישט איינגעפֿאַלן צו גרינדן זיין יידיש טעאַטער,



„מסעות בנימין השלישי" פון מענדעלע מוכר ספרים, אין דער אויפפירונג פון טעאַטער „אוהל", תל־אביב. רעזשי: משה הלוי

ווען ער וואָלט געהאַט פאַר זיך נאָר מוסטערן פון טעאַטער־ליטעראַטור. כדי צו שאַפן טעאַטער, איז נויטיק חוץ דעם שרייבער און חוץ דעם עולם, אויך דער שפּילער, דער אַקטיאָר.

אויך אים האָט גאָלדפאַדען געפונען אַ גרייטן, אַ רייכן אין קאָמעדיאַנטישער דערפאַרונג, מיט אַ לאַנגן יחוס־בריוו פון יאָרהונדערטער פּורים־שפּילן.

אמת, דער עלעמענט איז געווען אַ רויער, אַ פּרימיטיווער, באַשטאַנען ס'רוב פון אַנאַלפאַבעטן, — ס'האָט אים אָבער באַזעלט אַ טיפע ליבע צו קאָמעדיאַנסטווע, צום ציגיינערישן הפקר־לעבן, צום „עמך" עולם, מיט וועלכן ס'האָט אים געבונדן אַ לייבלעכע קרובהשאַפט. ער איז געווען פול מיט נגינה און פרייַלעכקייט און האָט עס מיט ברייטער האַנט, מיט אַ פאַרשווענדערישקייט פון אַ נאַטור־טאַלאַנט געטיילט דעם פשוטן פאָלקס־מענטש, וואָס האָט געשטראָמט אין די שענקען און ווינקעלער.

די גייסטיקע השפּעה פונעם קלויז און בית־מדרש האָט פאַר אַ טייל פאַרלוירן איר כח און די מאַסן האָבן געזוכט אַן אַנדערע, אַ מער וועלטלעכע אונטערהאַלטונג.

דער דאָזיקער נויטווענדיקייט איז אנטקעגנגעקומען א נייער טיפּ קאָמע־דיאַנט, וועלכן דאָס פאָלק האָט באַצייכנט מיטן נאָמען „בראָדער זינגער", אָדער פּשוט „די בראָדער".

אין די דאָזיקע „בראָדער זינגער" האָט טאַקע גאָלדפאַדען געפונען די ער־שטע אַקטיאָרן פאַר זיין יידיש טעאַטער.

די „בראָדער זינגער" שטעלן אַלזאָ פאַר מיט זיך דעם ערשטן וועלטלעכן, פּראָפעסיאָנעלן יידישן אַקטיאָר.

זייער דערשיינונג באַצייכנט אַן איבערגאַנג־עטאַפּ פון מיטלאַלטערלעכן פּורים־שפּילער צום מאָדערנעם יידישן אַקטיאָר.

דער יידישער אַקטיאָר האָט אַלזאָ דורכגעמאַכט אַ דורות־לאַנגן, אַנטוויק־לונג־פּראָצעס, אַ לאַנגע קייט גילגולים, וואָס האָבן אים דערצויגן, קולטיווירט און געמאַכט ציל־באַוווּסטזיניק און רייף פאַר זיין דערהויבענער שליחות.

פון ליץ צום „נאַר", פון „נאַר" צום בדחן, פון מאַרשאַליק צום פּורים־שפּי־לער, פון פּורים־שפּילער צום פאָלקס־טרובאַדור, צום פאָלקס־קאָמעדיאַנט, וואָס איז אין די פופציקער יאָרן פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין פאַר־גייער פון די מאָנולעסקאָס און קעסלערס; פון די סאַמבערגס און זאַצס; פון די זאַסלאַווסקיס און זוסקינס — אין די „בראָדער זינגער".

## קאַפּיטל פינף

# „די בראָדער זינגער"

דער גליקלעכער צופאַל האָט געוואָלט, אַז מיינע ערשטע טריט אינעם יידישן טעאַטער זאָלן געמאַכט ווערן אונטער דער מוטערלעכער השגחה פון אסתר רחל קאַמינסקי.

די דאָזיקע גרויסע קינסטלערין איז אויך געווען אַ מערקווירדיק אינטערע־סאַנטע און אינטעליגענטע דערציילערין. אירע שמועסן האָבן מיר געגעבן אַ קוואַל פון באַלערנדיקן מאַטעריאַל וועגן די חבלי־לידה פון דער מאָדערנער יידישער דראַ־מע, מיט וועלכן איך וועל מיך ביי יעדער געלעגנהייט טיילן מיט אייך.

ס'איז מיר קלאָר געוואָרן, אַז כדי צו קענען אונדזער טעאַטער־געשיכטע איז נויטיק אַ טעאַטער־מוזיי, וואָס זאָל קאָנצענטרירן אַלע פאַרבליבענע מאַטעריאַלן, קאַטאַלאָגירן זיי און סיסטעמאַטיש דערלערנען.

איך האָב אַלזאָ אומעטום, וווּ מיינע טעאַטער־וועגן פלעגן מיך ברענגען, געזוכט און געזאַמלט מאַטעריאַלן פאַר אַזאַ קינפטיקן מוזיי. די דאָזיקע מאַטעריאַלן האָבן טאַקע געדינט אַלס ערשטע עקספּאָנאַטן פאַרן טעאַטער־מוזיי אויפן נאָמען פון אסתר רחל קאַמינסקי, וועלכן איך האָב צוזאַמען מיט אידאַ קאַמינסקי געגרינ־דעט צו די שלושים פון אסתר רחל.

צום יאָרצייט, ד. ה. אין יאָר 1926 איז ער איבערגעגאַנגען אין רשות פון ווילנער „ייִוואָ" און אַזוי אַרום זיך פאַרוואַנדלט אין אַ פאָלקס־אינסטיטוציע.

אינעם דאָזיקן מוזיי האָט זיך אויך געפונען אַן אינטערעסאַנטע קאָלעקציע



אסתר רחל קאַמינסקי

אויפנאַמעס פון געוועזענע בראָדער זינגער, שפּעטערדיקע מיטבויער פון גאָלדפאַדענס טעאַטער.

אסתר רחל איז אויך געווען די ערשטע מיר צו דערציילן וועגן די „בראָדער זינגער", זייער רעפּערטואַר, פּראָפעסיאָנעלע עטיק און פּילזייטיקייט פון זייער באַגאַבונג.

דאָס דאָזיקע ראָמאַנטישע בלעטל פון אונדזער טעאַטער־געשיכטע האָט מיך שטאַרק פאַראינטערעסירט און ס'האָט געדויערט אייניקע יאָר, ביז מיר האָבן אין אַ

טורנע איבער גאַליציע פאַרבלאָנדזשעט קיין בראָד. דאָ, אין זייער געבוירן־שטאָט, האָב איך געהאַפט ענדלעך צו באַקומען די אויספירלעכסטע אינפאָרמאַציעס וועגן די דאָזיקע זינגער. האָט זיך אָבער דאָס אַלטע שפּריכוואָרט: „נישטאָ קיין נביא אין אייגענעם לאַנד" — אַרויסגעוויזן פאַר ריכטיק . . .

— „ווער זענען דאָס? מיר קענען נישט אַזעלכע", איז געווען דער ענטפער. מען האָט מיר ענדער געקאָנט דערציילן וועגן דער ראָלע, וואָס בראָד האָט געשפּילט אינעם קאָנטראַבאַנד צווישן צאַרישן רוסלאַנד און עסטרייך־אונגאַרן, ווי אין דער געשיכטע פונעם יידישן טעאַטער . . .

אין 1938 יאָר, ווען דער „וויקט" האָט שוין געהאַט אין זיין רעפּערטואַר עטינגערן און גאָלדפאַדענען, איז אויך אויפגעשוווּמען דער געדאַנק אַרויפצוברענגען אויף דער בינע די פאָרקעמפער פון אונדזער מאָדערנעם טעאַטער, די „בראָדער זינגער".

דער דיכטער ישראל אַשענדאָרף און דער מוזיקער שלמה פּריזאַנט האָבן געשאַפן טעקסט און מוזיק פאַר א 3־אַקטיקער מוזיקאַלישער קאָמעדיע אונטערן



זיגמונט טורקאָוו, דער „בראָדער" ווייץ און ישראל אַשענדאָרף

גאָמען „די בראָדערזינגער", וועלכע איז טאַקע אינעם זעלבן יאָר אויפגעפירט געוואָרן אין לעמבערג.

מיר האָבן זיך געלאָזט איבער דער שטאָט זאַמלען מאַטעריאַלן, דאָקומענטן און פאַקטן וועגן די „בראָדער" און טאַקע געפונען אַן אמתן אוצר פאַר אונדזער אַרבעט. מיר האָבן אַפילו אָנגעטראָפן אויף אַ זקן מיטן נאָמען ווייז, אַ לעצטן מאָהיקאַנער פון די אַמאָליקע „בראָדערזינגער", וועלכער האָט נאָך געדענקט פאַרשידענע לידער פון זייער רעפּערטואַר. דער עיקר אָבער האָט מיך דערפרייט אויסצוגעפינען אַ שענק, ווו מען פלעגט נאָך פון צייט צו צייט זינגען און שפּילן לויט דער טראַדיציע פון די אמתע „בראָדערזינגער".

אין לעמבערג האָט זיך צו יענער צייט געפונען אַ געוויסע צאָל אַרבעטלאָזע עלטערע אַקטיאָרן, פון וועלכע אייניקע האָבן נאָך אין די יונגע יאָרן מיטגעזונגען מיט די בראָדער. אין צייטן פון קריזיס און אַרבעטלאָזיקייט פלעגן זיי זיך טאַקע דערמאַנען אָן דער אַלטער פּרנסה און זיך אומקערן אין ווינקעלער.

געוויינלעך פלעגט אַזאַ אַרויסטריט אָנגעזאָגט ווערן דורך אָן אָנגעצונדן ליכט אין שויפענצטער. צוויי אָנגעצונדענע ליכט זענען אויך געשטאַנען אויף אַ טיש אין אַ ווינקל פון שענק, ווו דער אַרויסטריט דאַרף פאָרקומען.

איבערן פול־געפּאַקטן קעלער צעגייט זיך דער ריח פון מעד און ביר. אַ געדיכטער רויך פון לולקעס און ציגאַרן בייסט די אויגן און דעם האַלדז. די לופט איז פול מיט קולות און שיכורע געלעכטערס. און אָט דערהערט זיך אַ קלונג פון אַ האַנט־גלעקל און אַלעמענס בליקן ווענדן זיך צום טישל מיט די ליכט. אַ דונער פון אויסגעשרייען און אַפּלאָדיסמענטן פאַרהילכט די לופט. דאָס האָט דער עולם מקבל־פנים געווען זיין ליבלינג.

דער עולם פון פּשוטן פאָלק, פון פיאַקערניקעס, טרעגערס, בעקערס און שוסטערס איז טריי געבליבן זיין משורר. ער איז נישט ברוגז געוואָרן מיט אים, ווען דער זינגער האָט פאַרראַטן זיין קעלער און איז אַריבער אין די „הויכע פענצטער". אין גימפּעלס טעאַטער אויף יאַגעלאָנסקע; אויך דעמאָלט פלעגט דער קעלער־עולם אים נאָכגיין און יעדן שבת נאָכמיטאָג אים אַפּלאָדירן פון דער גאַליאָרקע... און איצט, אין אַן עת צרה, שפּילט ער אוודאי נישט קיין ברוגז מיט אים און נאָך יעדן אָפּגעזונגענעם לידל שיטן זיך די „גרייצערס" אין טעלערל... ווי אין די אַלטע, גוטע „בראָדער" צייטן . . .

און אַזוי אומבאַמערקט ווי די „בראָדער זינגער" זענען פאַרשוווּנדן פונעם יידישן לעבן, אַזוי אומבאַמערקט איז אויך געווען זייער אַנטשטייאונג.

סוף פערציקער יאָרן פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט האָט זיך אין אייניקע שטעט פון גאַליציע באַוויזן אַ נייער טיפּ פאַרווײַלער.

דאָס איז נישט געווען דער באַקאַנטער בדחן, אָדער מאַרשעליק, וועלכע דער עולם פלעגט קומען הערן ביי ספּעציעלע, פריילעכע געלעגנהייטן. הגם דער בדחן פלעגט אויך קאָנען צופרידנשטעלן דעם פּרימיטיוון צוהערער, האָט זיך אָבער דער לעצטער נישט תמיד געפילט גוט אין אַ פרעמדער סביבה, אָפטמאָל צווישן אויסגע־פוצטע גבירים און למדנים, וואָס האָט מתחיב געווען צו „האַלטן פאַסאָן", ד. ה. צו פילן זיך געפּענטעט.

פאַרקערט; דער דאָזיקער זינגער איז גאָר אַראָפּגעקומען צו זיי אין שענק און ווינקעלער, ווו זיי פלעגן פאַרברענגען ביי אַ גלעזל מעד נאָך דער שווערער אַרבעט.

מען האָט זיך געקאָנט דערלויבן אויף אַ צווישנרוף, אויף מיטזינגען, אויף אויסצוביטן זיך אַ באַליבט לידל, און דער זינגער האָט עס זיי טאַקע פאַרטיילט מיט דער ברייטער האַנט, אַבי דער גרייצער איז געפאַלן אין טעלערל.

דער עולם האָט תיכף דערפילט אין אים זייערס און אייגענעם עמך־מענטש, וועלכער זינגט אויסשליסלעך פאַר זיי און זיי, עמך טאַקע, קאָנען אים געבן חיונה אָן דער לאַסקע פון די מיוחסים און גבירים. דאָס האָט זיי אימפּאָנירט, צוגעגעבן תקיפות . . .

און די דאָזיקע אימפּראָוויזירטע קאָנצערטן האָבן זיך טאַקע בליץ שנעל פאַרשפּרייט איבער די שענקען און ווינקעלערס פון גאַליציע, רומעניע און יידישע ישובים פון דער רוסישער אימפּעריע.

פון וואַנען האָבן זיי זיך גענומען ?

דער אַלטער ווייץ האָט מיר קיין קלאָרע תשובה אויף דער פראַגע נישט געקאָנט געבן. אויך באַרופענע טעאַטער־פאָרשער האָבן דעם ענין נישט פעסטגע־שטעלט.

לויטן נאָמען, מיט וועלכן זיי זענען באַקאַנט געווען ביים פאָלק איז צו דרינגען, אַז די ערשטע זינגער זענען געקומען פון דער גאַליצישער גרענעץ־שטאָט בראָד.

די דאָזיקע שטאָט האָט צו יענער צייט געשפּילט אַן אָנגעזעענע ראָל אינעם מסחר און אַהין פלעגן זיך צונויפקומען סוחרים סיי פון רוסלאַנד, סיי פון עסטרייך־אונגאַרן. לייגט זיך אַלזאָ אויפן שכל, אַז די דאָזיקע אָנגעפאָרענע געסט האָבן געזוכט אַן אונטערהאַלט אין די פרייע אָוונטן און די דאָזיקע באַדערפעניש האָט גערופן צום לעבן דעם נייעם טיפּ־פאָלקס־זינגער, וועלכע מען האָט אין דער פרעמד באַצייכנט מיטן נאָמען „בראָדער".

די דאָזיקע זינגער האָבן זיך צוערשט באַוויזן אייניציקווייז, ד. ה. מיט סאָלאָ אַרויסטריטן מיט דורך זיי פאַרפאַסטע לידער, אָדער מיט לידער פון אַנדערע פּאָפּו־

לע״ע פאָלקס־דיכטער, ווי: וועלוול זבאַרזשער, אליקום צינזער, יואל לינעצקי און אברהם גאָלדפאַדען.

גיך האָבן זיך די סאָלאָ ארויסטריטן פאַרוואַנדלט אין דועטן, וואָס האָט געגעבן די מעגלעכקייט צו פאַרברייטערן דעם זשאַנר, צו געבן אים דעם כאַראַקטער פון א טעאטער־פאָרשטעלונג. דערצו איז שוין נויטיק געווען אויך א ביסל „פּראָזע", א געוויסע גערעדטע און אויסגעשפּילטע אינטראָדוקציע, וואָס זאָל צופירן צום עיקר פון דער פאָרשטעלונג — צום לידל, אין דעם פאַל — צום דועט, וואָס פלעגט זיך פאַרענדיקן מיט א טאַנץ.

מיט דער צייט פלעגן זיך שוין די „בראָדער" באַווייזן אין דרייען און אָפּטמאָל אין גרעסערע טרופּעס, וואָס זאָגט עדות אויף דעם גרויסן מאַטעריעלן דער־פאָלג פון זייערע ארויסטריטן.

די דאָזיקע טרופּעס האָבן זיך אין א קורצער צייט אזוי איינגעגלידערט אינעם יידישן פאָלקס־לעבן, אַז ס'האָט זיך געשאַפן די נויטווענדיקייט צו פאַרוואַנד־לען די זינגער־ארויסטריטן אין „אמתן" טעאטער מיט „לייטן גלייך".

דער עמך־עולם פלעגט שוין זיין אַן אָפּטער גאַסט אויף דער גאַליאָרקע, ספּעציעל ביי די פאָרשטעלונגען פון „מאַלאָרוסישן" טעאטער, וואָס פלעגט אָפּט שפּילן פּיעסעס פון יידישן לעבן און האָט דאָרט געזען די פרויען־ראָלן געשפּילט נישט דורך מענער, ווי ביז איצט ביי די „בראָדער", נאָר דורך אמתע, לעבעדיקע ווייבער, האָט ער ביי זיך, אויף זיינע היימישע פאָרשטעלונגען אויך נישט געוואָלט מער קיין ערזאַץ, קיין „אימיטירטע" פרוי, נאָר טאַקע אַן אמתע, פון בלוט און פלייש.

די „בראָדער", וואָס פלעגן אַנטקעגנקומען דעם געשמאַק און פאַרלאַנגען פון זייער עולם, האָבן טאַקע אינגיכן פאַרביטן די „פיקטיווע" פרויען אויף אוי־טענטישע פאָרשטייערינס פונעם שיינעם מין.

כדי צו לעגאַליזירן אזא מין רעוואָלוציאָנערן שריט און נישט צו רייצן די בייזע צינגער, פלעגט געווענלעך איינער פון די „זינגער" חתונה האָבן מיט א מיידל, וועלכע האָט ארויסגעוויזן חשק צו גיין אין די „בראָדער" און צוביסלעך זענען אזוי ארום אנטשטאַנען פאַמיליען־טרופּעס.

די לעמבערגער אַלטע טעאַטראַלן האָבן נאָך גוט געדענקט די „בראָדערין" סאַלטשע, וואָס האָט זיך קונה־שם געווען מיט איר זינגען און ברויזנדיקן טעמפּעראַ־מענט.

דאַקעגן זענען די פאַרשידענע קאָמישע אַלטע באָבעס, מכשפות און ד. ג. ווייטער געשפּילט געוואָרן דורך מענער און ס'איז אפילו געוואָרן טראַדיציע אויך אין גאָלדפאַדען טעאטער דעם דאָזיקן טיפּ ראָלן אָנצופאַרטרויען מענער. אזוי פלעגן אַזעלכע ראָלן ווי „באָבע יאכנע", „באָבע מיטן אייניקל" און ענלעכע געשפּילט ווערן

פון מאגולעסקא, פישזאן, סעם אדלער, קאמפאניעיעץ און אנדערע מיטציייטלער אונדזערע.

אויך ביי אונדזער אויפפירונג פון די „בראָדער זינגער" האָב איך געשפילט די אלטע באבע, וואָס ס'האָט דער גאנצקייט צוגעגעבן ארכאאישן קאָלאָריט.

צו די ערשטע „בראָדער" האָבן געהערט: יאנקעווקע דער ווינער, אפרים דער בראָדער, משה טייך, משה קאָפּ און אין רוסלאנד — פינקעל, גראָדנער און גאָלדשטיין, די צוקונפטיקע אקטיאָרן אינעם ערשטן גאָלדפאדען־טעאטער.

וועלכער איז אלזאָ געווען זייער רעפערטואר און ווי איז צוגעגאנגען דאָס „טעאטער־שפּילן" פון די „בראָדער" ?

ווי געזאָגט, האָט דער דערפאָלג פון די „בראָדער" און זייער שטארקע פּאָפּולאריטעט זיך גענומען פון זייער אנטקעגנקומען דעם געשמאק און מענטאליטעט פון די מאסן

דער רעפּערטואר זייערער, ספּעציעל די לידער, איז באשטאנען פון „מאָראַלישע", סאציאלע און געזעלשאפטלעכע טעמעס.


זיגמונט מאָגולעסקאָ אלס שפּרינצע די מעקלערין

די מלחמות וואָס פלעגן צו יענער צייט פאָרקומען אויפן נאָענטן מזרח, האָבן זיך, ווי דער שטייגער איז, קודם־כל געגעבן צו פילן דער יידישער באפעלקערונג פון די שטרייטנדיקע לענדער.

ס'איז דעריבער אין פאָלק געוואקסן א מיטגעפיל סענטימענט פאר די ליידנדיקע ברידער און במילא זענען שטארק פּאָפּולער געוואָרן פארשידענע שלום־לאָזונגען, וואָס האָבן באקומען זייער אויסדרוק אין פאָלקלאָר און אינעם בראָדער־זינגער רעפּערטואר.

מיר ברענגען דאָ א מוסטער פון אזא מין ליד אונטערן נאָמען: „שלום־בית".



זיגמונט טורקאָוו אַלס באבע אין די „בראָדערזינגער"

## זיגמונט טורקאָו

1.

פֿאַרלעך, זיי רייסן זיך,
קריגן זיך, בייסן זיך,
פּונקט ווי אַ קאַץ מיט אַ מויז.
דאָס לעבן פֿאַרמיאוסן זיך,
שכנים דערווייסן זיך,
ס׳גייט שוין פֿון הויז צו הויז.
זי איז אַ מיאוסע,
די זופּ צו שיטער,
די מייערן צו זיסע,
די קאַווע צו ביטער,
שונאים מ׳ווערט זיך,
מע קריגט זיך אַ סך,
אָבער ווען ס׳קומט צו די נאַכט . . .

רעפּריין:

ווערט שלום־בית,
מען גיט אַ קוש, אַ גלעט,
ווייל שלום בית
איז מוחל יעדן חטא.
בייטאָג אַ טעפּל — אין קעפּל
און אונטער אויגן — בלאָ,
קיין גאַנצער טעלער איז נישטאָ.
ביינאַכט גן־עדן
פֿאַרביידן
שטיל איז ער און זי —
און שלום־בית
האַלט ביז אינדערפֿרי.

2.

פֿעלקער, זיי רייסן זיך,
קריגן זיך, בייסן זיך,
פּונקט ווי אַ קאַץ מיט אַ מויז.
די וועלט זיי פֿאַרמיאוסן זיך,
יאָר־איין אַזוי יאָר־אויס.
דער שכן איז אַ בייזער,

ש מ ו ע ס ן  ו ו ע ג ן  ט ע א ט ע ר

א שונא א שלעכטער,
באַליידיקט מיין קייזער,
טשעפּעט די וועכטער,
שונאים מען ווערט זיך,
ס׳גיסן זיך בלוטן.
איז דען נישט בעסער
מיט גיטן?

ר ע פ ר י י ן :

נאָר שלום בית
זאָל זיין אין יעדער שטוב.
און אויך אין דרויסן.
איר מענטשן, האָט אייך ליב.
צו די, צו יענע,
זיי זענען
דאָך גלייכע מענטשן דאָ,
מיוחסים זענען שוין נישטאָ.
אין א גן־עדן
פאַר יעדן,
און אַלע לענדער ווערט,
און שלום־בית
אויף דער גאַנצער וועלט.

דער צווייטער טיפּ לידער איז געווען אַן אַנטי־חסידישער, אַנטי־גבירי־שער. דער גביר און למדן האָבן געקוקט מיט פאַראַכטונג אויפן פּשוטן פאָלקס־מענטש. א בעל מלאכה איז באַטראַכט געוואָרן ווי א צוגעהעריקער צו א נידעריקן, מינדערווערטיקן קלאַס; צו האָבן א בעל מלאכה אין דער משפּחה איז געווען א חרפּה, א פלעק אויפן יחוס און גוטן שם. ווער שמועסט אַן עם־האָרץ — דער איז דאָך גאָר באַטראַכט געוואָרן פאַר ערגער פון א ממזר.

דאָס פאָלק האָט זיך געפילט טיף געטראָפן פון אַזא באַליידיקנדיקער און דערנידעריקנדיקער באַציאונג און האָט ביי יעדער געלעגנהייט געזוכט זיך נוקם צו זיין פאַר דער דאָזיקער עוולה. די נקמה איז געווען אַן אמת יידישע און האָט באַ־קומען איר אויסדרוק אין אַנעקדאָטן, פאָלקס־לידער און ד. ג. ל.

אינעם רעפּערטואַר פון די „בראָדער זינגער" האָט טאַקע פאַרנומען אַן אָנגעזען אָרט דאָס אָפּלאַכן פון די פאַרשידענע כלי־קודש און סתם שיינע באַלע־באַטים.

צוויי סצענעס פון זיגמונט טורקאָווס אויפפירונג פון די „בראָדערזינגער":



דאָס אָנקומען פון די „בראָדער" אין שטעטל




דאָס אָנקומען פונעם רבין אין שטעטל

צו דעם צוועק פלעגט זיך דער בראָדערזינגער „פאַרשטעלן" פאַר אַ חסיד אין שיך און זאָקן, אין אַ לאַנגער קאַפּאָטע מיט אַ שטריימל, צו וועלכן ס'זענען געווען צוגעבונדן לאַנגע פּאות; אַ קלאָטשענע באָרד פלעגט ווערן אַרומגעבונדן אַרום דער באַק, מיט אַ שטיקל רויט פּאַפּיר פלעגן ווערן „פאַררויטלט" די באַקן און די נאָז און מיט אַ צוגעברענטן קאָרעק, אָדער גאָר מיט אַן אָפּגעברענט שוועבעלע פלעגן „געלייגט" ווערן די קנייטשן אויפן פּנים.

אַזוי אַ פאַרשטעלטער, מיט אַ רויטער פאַטשיילע אין האַנט פלעגט דער זינגער תיכף געווינען די סימפּאַטיע פונעם עולם און זיין דערשיינען פלעגט באַגעגנט ווערן מיט שטורמישע אַפּלאָדיסמענטן און חוזק־אויסרופן אויפן אַדרעס פונעם „צלאָפּ" און „מערידאַלניק".

און אָט ווי אַזוי אונדזער „בראָדערזינגער" פלעגט אויסוויינען דאָס אָנגעווייטיקטע פאָלקס־האַרץ אין זיין קופּלעט אונטערן נאָמען: „ר' חיים שמואל דעם גבאילעס".

## חיים שמואל דעם גבאילעס

### 1.

יחוס אָדער געלד,
אויף די גאַנצע וועלט,
שפּילט די ראָלע דורכאויס
ווער עס האָט נאָר זיי,
איינס פון די צוויי
דער ווערט שוין פון קליין גאָר גרויס,
מיט כבוד, מיט רעספּעקט,
ווערט שוין באַדעקט,
זיינע גרעסטע פעלערן אָן אַ שיעור.
ער מעג שוין רויבן, שעכטן,
אפילו דעם גרעסטן,
דער יחסן אָדער דער גביר,
אָבער ווער עס האָט זיי ניט,
יענעם איז ניט גוט,
ער טויג שוין צו אַלע רוחות,
זיין חכמה האָט קיין ווערט,
זיין רייד ווערט ניט געהערט,

ווייל ער איז קיין נגיד און קיין בעל יחוס,
ער טאָר זיך ניט דערוועגן,
קיין שאלות צו פרעגן,
פאַרוואָס קומט עס יענעם געווים?
ווייל צו אַ נגיד ביסט דו נישט גלייך,
דו ביסט קיין יחסן און נישט רייך,
און ער איז דאָך פּים פּים פּים . . .

— ווער איז ער אַזעלכער? איך וואָלט אויך געוואָלט וויסן.

— סטייטש! דו קענסט אים נישט? דו האָסט דען נאָך אַזאַ נגיד ווי ער איז? און וואָס פאַר אַ געשעפטן ער פירט! עס איז דאָך פשוט אַ געוואַלד אַז מען הויבט זיך אָן צו באַרעכענען וואָס ער איז....

— נו, אַז ער איז אַ גביר דאַרף מען אַזוי פיל דרך ארץ האָבן פאַר אים? וואָס האָט מען דען פון זיין געלד? פע! כ׳לעבן, איך פאַרשטיי גאָר נישט, וואָס איז היינט פאַר אַ וועלט, אַז מען זאָל יע־נעם אָנטון אַזוי פיל כבוד נאָר צוליב דעם וואָס ער האָט געלד, פע! כ׳לעבן !

— שטיל, שיינעץ, דו האָסט נאָך אַ העזה צו ריידן אויף אַזאַ מענטשן? ערשטנס האָט ער געלד און צווייטנס...

— וואָס צווייטנס ?

ער איז חיים שמואל דעם גבאילעס,
אַן אייניקל דעם רבי ר׳ אבאלעס,
דרך ארץ האָט פאַר אים,
מען קאָן אים אומעטום,
ר׳ חיים שמואל דעם גבאילעס.

2.

אַלע פיינע לייט,
פון דעם יחוס זייט,
אין שול אויבן אָן איז זייער אָרט,
די אויפגעקומענע גבירים,
מיט זייער הויך שטאַלצירן,
אין מזרח וואַנט שטייען זיי דאָרט.
אָבער דער אָרימאַן
ווען ער איז אין שול פאַראַן,

זיין הארץ אויסצוגיסן פאר גאָט,
ער האָט נישט קיין תאוה,
צו כבוד און צו גאוה,
נאָר אויף פרנסה פאר די קינדער וואָס ער האָט,
ווען ער איז שוין דאָ אין שול,
איז לויט זיין געפיל,
וויל ער נעבן באַלעמער שטיין אויך,

קומט דער שמש צו,
און זאָגט: דו קבצן דו,
וואָס ביסט דו געקראָכן אזוי הויך ?
אָט דאָרט ביי די טיר,
איז איין אָרט פאר דיר,
דארפסט דאָך וויסן ווער דאָ איז ?
ווי קומסט דו דאָ אהער ?

ווער ביסט דו? און ווער איז ער !
ער איז דאָך פיס, פיס, פיס . . .

— אוועק דו קבצן! וואָס ביסט דו געקראָכן אזוי הויך ?

— וואָס ווילט איר פון מיר, איך בין געקומען דאוונען און אוועקגיין, איך טו עפעס וועמען שלעכטס ?

— שטיל יונגאטש! דו האָסט נאָך א העזה צו רעדן? זע נאָר וואָס פאר א פיסק ער האָט געעפנט !

— איך וויל אייך נאָר פרעגן ר׳ שמש, מיט וואָס האָב איך דאָס געזינדיקט וואָס איך טאָר דאָ נישט זיין אין שול ?

— ווען דו זאָלסט וויסן ווער דאָ איז וואָלסט דו שוין געשוויגן, דו וואָלסט שוין בלייבן שטום.

— אדרבה! זאָגט מיר, וועל איך וויסן !

— זעסט דען נישט אז דאָ איז ר׳צאָצוניו ?

— טו וואָס איז? אז ער איז דאָ, טאָר איך נישט זיין אין שול?

— שטיל, דען ער קאָן נאָך דערהערן, ביטער וועט דיר זיין אז דו וועסט אים דערקאָנען !

— ווער איז ער טאַקי ?

ער איז חיים שמואל דעם גבאילעס א. א. וו.

3.

אויב איר קאָנט אים ווער,
אָט דעם דאָזיקן דיסקאָנטער,
ווער עס פאַלט נאָר אַריין אין זיינע הענט,
רחמנות פילט ער ניט,
ער זוכט נאָר זיין פּראָפּיט,
צו רייסן דעם גרויסן פּראָצענט,
ביי דעם אָרימאַן,
וואָס עס איז נאָר פאַראַן,
נעמט ער אוועק מיט געוואַלד,
פון וועקסל דעם טערמין,
היט ער על פּי דין,
ער שעכט ווי אַ גזלן אין וואַלד,
האָט ער נאָר איין איסק,
מוז יענער האַלטן פּיסק,
עס העלפט קיין רעדן און קיין מיטל,
דאָס גאַנצע ווירטשאַפט גאָר,
ביז די לעצטע האָר,
איז אַלעס געשריבן אויף דעם קוויטל,
ווער עס זעט די זאַך,
זאָגט עס איז נישט גלייך,
עס איז גרויס די רציחה אַזאַ ביס,
מען טאָר אָבער ניט ריידן,
אַנטקעגן דעם יחסן זיין זיידן,
ווייל ער איז דאָך פּיס, פּיס, פּיס . . .

— אַזעלכע רוצחים זע איך דאָס ערשטע מאָל! סטייטש, ווי נעמט מען צו די לעצטע קישעלע ביי אַזאַ פינצטערע אַלמנה?

— רעד נישט, ברודער! דען דו ביסט נישט זיכער, ער קאָן נאָך ביי דיר אויך אַוועקנעמען אַלעס וואָס דו האָסט.

— איך לאַך פון זיין געפּיינערטן טאַטן! ווען ער האָט אַ געשעפט מיט מיר וואָלט איך אים שוין אָנגעריבן אַ מאָרדע.

— שטיל! ער שטייט דאָך נעבן אונדז, ער קאָן דאָך דערהערן.

— נו, וואָס קאָן ער מיר טון אַז ער וועט דערהערן?

— מסתמא קאָנסט דו אים ניט!

— ווער איז ער דאָס איינער וואָס איך זאָל זיך היטן פאַר אים צו רעדן?

— אַהאַ! איך זאָג טאַקע, אז דו ווייסט ניט מיט וועמען דו האָסט צו טון, ער איז אַ ביטערער יונג!

— דו קענסט אים דען? ווער איז ער?

— יאָ! איך קאָן אים זייער גוט, אויב דו ווילסט וועל איך דיר דערציילן וועמעס איין אייניקל ער איז.

— נו, נו, וועמעס אייניקל איז ער?

ער איז חיים שמואל דעם גבאילעס,
אַן אייניקל דעם רבי ר' אבאַלעס,
דרך ארץ האָט פאַר אים,
מען קאָן אים אומעטום,
ר' חיים שמואל דעם גבאילעס.

4.

אָט דעם גרויסן פאַבריקאַנט,
וואָס ער איז אייך יעצט באַקאַנט,
דעם גרויסן באַרימטן מיליאָנער,
ווער עס האָט אים נאָר געזען,
צוריק מיט אַ יאָר צען,
אַ קבצן געוועזן איז ער,
און דערצו אַ גראָבער יונג,
אין אַלעם דינג,
ביי קיינעם האָט ער געהאַט קיין ווערט,
און היינט אַז ער האָט שוין געלט,
קלינגט ער מיט די וועלט,
און ער ארבעט מיט מענטשן ווי מיט פערד,
און טאַקי אין דער שטיל,
זאָגט יעדערער וואָס ער וויל,
מען שעלט אים אין רוחות אריין,
ווייל עס דריקט זיי צו די נויט,
ער גיט זיי ניט קיין ברויט,
קען מען אים קיין גוטער פריינד ניט זיין,
וואָס מער מען אים שילט,

כך די צייט אים גילט,
קלונגע פאַלן אים צו די פּיס,
ער טוט שידוכים מיט רבנים,
מיט די גרעסטע בעלי יחסנים,
ווייל ער איז דאָך פּיס, פּיס, פּיס . . .

שיין איז צו זען ווי אַלע ארבעטער שטייען און רעדן איינער מיט דעם צווייטן און רייסן קברים אויף דעם פּרינציפּאַל.

— איך פאַרשטיי גאָר ניט, שמעלקע, וואָס עס וועט זיין דער סוף פון אונדז, מיר וועלן אַלע פון הונגער אויסשטאַרבן! ניט ער גיט אונדז ארבעט, ניט ער גיט אונדז אָפּ וואָס אונדז קומט פאַר אונדזער שוויים וואָס מיר האָבן ביז יעצט געאַרבעט . . .

— וואַרט, ברודער, נאָך א ביסל, איך וועל זיך מיט אים אָפּרעכענען מיט איין אנדער אופן! איר קאָנט דאָך מיך אז געזאָגט איז געזאָגט . . .

— וואָס קאָנסט דו אים טון? אז דו ביסט א קבצן און ער איז פאַרט א גביר ! .. .

— איך לאָך זיך אוים פון זיין גבירישאַפט! איך וועל אים א שפּיל טון וועט ער ווינסן מיט וועמען ער האָט צו טון . . .

— פאַרט אזוי, איך וואָלט וועלן ווינסן וואָס קאָנסט דו אים ט...

— שאַ... שטיל... ער גייט אהער...

— זעסט דו, דו האָסט אויך פאַר אים מורא ! . . .

— איך האָב מורא? איך האָב פאַר אים גאָר קיין מורא ניט, נאָר וואָס זאָל איך טון? אז אַלע גיבן אים אָפּ כבוד, מוז מען אַלע־מען נאָכטון . . .

— וואָס ביסט דו, א מאַלפּע, וואָס דו באַדאַרפסט אַלעמען נאָכטון ? . . .

— דו ווייסט אָבער נישט ווער ער איז . . .

— ווער איז ער ?

ער איז חיים שמואל דעם גבאַילעס א. א. וו.

5.

ביים חסידל אין שטוב,
איז מיר אַלעם ליב,

אריינקוקן וואָס טוט זיך דאָרט.
גלייך ווי אומעטום,
איז מען דאָרט אויך פרום,
נאָר איין זאַך געפעלט מיר נישט פאַרט . . .
ווען איך גיב אַ קוק,
אַז די קאַכין איז צו דיק,
פרעג איך: וואָס קען דאָס זיין ?
לייען איך מיר דעם פּשט,
אַז ער איז אַ כוואַט,
האָט ער פּשוט איר געהעכערט אויף דעם זמן . . .
און גאָר אין אַ קורצער צייט,
אין אַ צווייטע שטוב ניט ווייט,
האָט מען געפונען אַ זינד.
מען איז געזעסן פאַרטראַכט,
פּונקט אין האַלבע נאַכט.
האָט מען געהערט שרייענדיק אַ קליין קינד . . .
דער שכן שרייט צום גביר,
דאָס איז נאָר פון דיר !
רעדעלעך מאַכן שוין אַ שמועס.
אוועק דו קבצן דו,
ווי קומסט דו דערצו,
ער איז דאָך פּיס, פּיס, פּיס . . .

— דו האָסט געהערט ווי דער קבצן לייקנט זיך אַז דאָס איז גאָר ניט זיינס ? . . .

— לאָמיר זיך ניט נאַרן ? איך ווייס געווים, אַז דאָס איז פון גביר! דען איך ווייס אַז זיין "דינסט איז געוועזן גרעבער ווי לענגער... און מיט אַמאָל איז געוואָרן אַ סאָכאָטניצע . . .

— פון וואַנען ווייסט דו דאָס ?

— וואָס הייסט פון וואַנען איך ווייס? דאָס איז אַ פראַגע פון וואַנען איך ווייס? איך בין שוין ביי אים אַ יאָר זאָל איך נישט ווויסן וואָס דאָרט טוט זיך . . .

— נו, וויבאַלד עס איז יאָ אַזוי, ראַט איך דיר דו זאָלסט וועגן דעם בעסער ניט רעדן אַ וואָרט, דען דו קאָנסט נאָך דיין שטעלע אויך פאַרלירן . . .

— אָבער ווי קאָן מען דאָס צוזען אַזעלכע שרעקלעכע מער־דערייען? ארויפוואַרפן אויף אַן אָרימאַן אַזאַ זאַך? מאַכן אַן אומשולדיקן מענטשן אַזאַ בלבול?

— ער מעג אָבער אַלעס טון און אים טאָר מען אַ וואָרט ניט רעדן...

— פאַר וואָס מעג ער דאָס אַזוי אַלעס טון?

— ווייל ער איז דאָך פּיס, פּיס, פּיס...

— וואָס מיינסטו דו מיט דעם?

— גאָר פּשוט, ווייל ער איז אַ גרויסער יחסן...

— וואָס איז ער דאָס אַזאַ יחסן? איך קאָן אים דען ניט?

— וואָס דו ווילסט וויסן? וועל איך דיר זאָגן...

— נו זאָג! וועל איך וויסן...

ער איז חיים שמואל דעם גבאילעס,
אַן אייניקל דעם רבי ר׳ אבאלעס,
דרך ארץ האָט פאַר אים,
מען קאָן אים אומעטים,
ר׳ חיים שמואל דעם גבאילעס.

אין דעם דאָזיקן ליד באַגעגענען מיר, אגב, איינעם פון די ערשטע מוס־טערס פון אַ גערעדטן דיאַלאָג.

צום דריטן טיפּ לידער האָבן געהערט עמך־קופּלעטן, אין וועלכע ס׳ווערן באַזונגען זייערע ליידן און פריידן, אָדער סתם געקיבעצט בעל־מלאכהס, פּאָלקס־מענטשן, פון וועלכע ס׳איז באַשטאַנען דער עולם פון די „בראָדערזינגער״.

די „בראָדער״ פלעגן זיך דאָן אויף אַ געהעריקן אופן „פאַרשטעלן״ פאַר די פערסאָנאַזשן פון זייערע לידער, אַזוי, צום ביישפּיל, פלעגן זיי ארויסקומען אָנגעטון פאַר אַ בעל־עגלה אין גראָבע שטיוואַלעס מיט אַ בייטש אין האַנט; פאַר אַ הענדלער מיט אַ זאַק מיט אַלטוואַרג; פאַר אַ שניידער — מיט נאָדל־פאָדעם, פאַר אַ שוסטער — מיט אַ דראַטווע און האַמער.

די דאָזיקע לידער טראָגן שוין אַ גאַנץ אַנדערן כאַראַקטער און, נישט געקוקט אויפן אַנטאַגאָניזם צווישן בעל־מלאכהס פון פאַרשידענע פּראָפעסיעס, פילט זיך אין זיי אַרויס פּראָלעטאַרישע סאָלידאַריטעט און חברישקייט.

גרויס דערפאָלג האָט טאַקע געהאַט ביי די „בראָדערזינגער״ דער פאָל־גנדיקער דועט אונטערן נאָמען „שניידער־שוסטער־ליד״, געזונגען פון איינעם, פאַרקליידט פאַר אַ שניידער און אַ צווייטן פאַר אַ שוסטער:

שוסטער:

אוי, דו שניידער, זאָג, וואָס קענסטו ?
נייסט אַ מלבוש, באַלד צעטרענסטו.
ס׳רעקל קורץ, די הויזן שמאָלע,
כאַפּסטו פון קונים — אַ מפּלה.

שניידער:

שוסטער. וועמען דערציילן וועסטו ?
דיין מלאכה איז דאָך מיאוס,
ווייל דיין אַרבעט אויך די בעסטע
טרעט מען מיט די פיס.

רעפריין: ביי דער שיסטעריי
לעבן מיר זיך פריי
ס׳איז אַ פיינע זאַך
לעבן פון דעם פאַך.

שוסטער:

אוי, דו שניידער, וואָס פאַרשטייסטו ?
מיט פאַסטריגעס דיין שכל פאַרנייסטו.
מעסט און פּרעסט נאָר פאַר די קונים,
ליינסט דיין קאָפּ אין די תחתונים.

שניידער:

שוסטערוק. קאָפּ פון לעדער,
שוואַרץ פון סמאָלע, ווי אַ רוח.
הינעראויגן באַקומט דאָך יעדער
ווער ס׳טראָגט דיינע שיך.
רעפריין

שוסטער:

און אפשר גאָר זיך מער נישט קריגן ?
ביידע גלייך אין דער ערד מיר ליגן,
מוטשען מיר זיך דאָך אין צווייען :
איך ביים קלאַפּן, דו ביים נייען.

שניידער:

און ביידע טרינקען מיר לחיים
אין איין שענק, פון איין פלאַש.
נאָך וואָס־זשע טויג דאָס גאַנצע שרייען ?

ז י ג מ ו נ ט  ט ו ר ק א ו ו

נאָך וואָס־זשע טויג דער רעש?

ר ע פ ר ײ ן: בײדע װײזן מיר חידושים,

איך ביי שיך — דו ביי מלבושים.

בײדע זענען מיר גרויסע מייסטער,

דו מיט פאָדעם, איך — מיט קלייסטער.

ש נ ײ ד ע ר:

שעלט נישט מעך, כ׳שעלט נישט דעך,

מיר זענען בײדע פון איין צעך.

אָן אונדז בײדע גייט מען טאַקע

אָדם באָרוועס, חוה נאַקעט.

ר ע פ ר ײ ן

און באַלד נאָכדעם קומט אַ פריילעכער טאַנץ, וואָס באַשטייט פון כאַראַקטעריסטישע באַוועגונגען פון אַ שניידער ביים פּרעסן און פון אַ שוסטער ביים קלאַפּן אַ פּאָדעשווע.

די דריי געבראַכטע לידער זענען אגב געזונגען געוואָרן אין מיין אויפפירונג פון די „בראָדערזינגער" אין שלמה פּריזאַמענטס מוזיקאַלישער באַאַרבעטונג.

* * *

מיטן דערפאָלג פון די „בראָדער־זינגער" איז אויך געוואַקסן זייער רעפּערטואַר. מען פלעגט שוין פאַרשפּילן סקעטשן, פּאַרסן, קאָמעדיעס, באַגלייט, פאַרשטייט זיך, פון אַנטשפּרעכנדיקע לידער און פאַרענדיקט מיט אַ פריילעך טענצל. באַזונדערס פּאָפּולער איז געוואָרן דער אַזוי גערופענער „שמעק־טאַבעק־טאַנץ", אויסגעפירט דורך פיר חסידימלעך, וואָס אימיטירן אַלע פּאָזעס פון טאַבעק־שמעקן, באַגלייט פון פאַרשידענע וואַריאַציעס פון ניסן. דער דאָזיקער טאַנץ איז געווען אַזוי באַליבט ביים פאָלק, אַז גאָלדפאַדען האָט אים אַרייַנגעשטעלט אין זיין פּיעסע „דאָס צענטע געבאָט".

אַזוי אַרום האָבן די „בראָדער" זיך פאַרוואַנדלט אין אַלזייטיק באַגאַבטע אַקטיאָרן, וואָס אַ חוץ רעדן „פּראָזע", האָבן זיי אויך געקאָנט זינגען און טאַנצן און אין אַ דוחק אויך אימפּראָוויזירן אַ קופּלעט, אָדער סצענע.

זייער הויפּט פאַרדינסט איז אַלזאָ געווען: דאָס שאַפן אַן עולם פאַרן וועלטלעכן יידישן טעאַטער און דעם ערשטן פּראָפעסיאָנעלן אַקטיאָר פאַר אים.

מיט דעם דאָזיקן אַקטיאָר איז גאָלדפאַדען צוגעטרעטן בויען זיין יידיש טעאַטער און די „בראָדער־זינגער" זענען אומבאַמערקט פאַרשוווּנדן פונעם יידישן לעבן, איבערלאָזנדיק אין אַלע ישובים אַ בענקשאַפט נאָך אַ יידיש וואָרט און יידישן ליד.



אַ סצענע פון צווייטן אַקט פון זיגמונט טורקאָווס אויפפירונג פון „די בראָדערזינגער"

אָט ווי אַזוי אשנדארף באַזינגט אינעם פינאַל פון די „בראָדערזינגער" דאָס אָפּפאָרן פון די דאָזיקע פאָלקס־טרובאַדורן פונעם שטעטל „פאַנאַטיוווקע":

בראָדערזינגער:

מיט מזל און גליק, מיר פאָרן צוריק.
פרייד און געלעכטער געלאָזן דעם ייד.
דער קליינער ישוב איז שוין פארכישופט
פון יידישן ניגון און יידישן ליד.
מוסר און שטראָף, כלי־קודש און רב,
בעל־טאַקסע, פּראָצענטניק און סתם שיינער ייד,
נגידים, יחסנים, דעם אמת אין פּנים.
און אַלץ מיטן כח פון יידישן ליד.

## קאַפּיטל זעקס

# אברהם גאָלדפאַדען

אין 1876 יאָר האָבן אין שמעון מאַרקס וויינקעלער אין יאַסי זיך קונה שם געווען די צוויי זינגער ישראל גראָדנער און שכר גאָלדשטיין.

דער צופאַל האָט געוואָלט, אַז צו יענער צייט זאָל זיך באַווייזן אין יאַס אברהם גאָלדפאַדען און פון דער דאָזיקער באַגעגעניש זאָל אַרויסוואַקסן דאָס מאָדערנע יידישע טעאַטער.

ווער איז געווען אברהם גאָלדפאַדען און וואָס האָט אים דערפירט צום געדאַנק צו גרינדן אַ יידיש טעאַטער?

מיר ווע֞לן לאָזן רעדן גאָלדפאַדענען אַליין דורך ציטירן געוויסע שטעלעס פון זיין „קורצע אויטאָביאָגראַפיע" (געשריבן אין יאָר 1887).

ר' חיים ליפּא גאָלדענפאָדעם, אַ בכבודיקער ייד, אַן אורמאַכער, קינסטלער אין זיין פאַך, וואָס וואָנט אין קאָנסטאַנטין־ישן (וואָלינער גובערניע) איז מיין פאַטער ביז 120 יאָר. לויט איך געדענק, איז ער געווען דער איינציקער בעל־מלאכה אין שטעטל, וואָס האָט הנאה געהאַט אַריינצוקוקן אין אַ יידיש ספר, און דארום האָט ער נישט געשפּאָרט זיין לעצטן, מיט שוויים פאַרהאַרעוועטן גראָשן, צו לערנען זיין עלטערן זון אברהם (דאָס מיינט מען „מיך") לשון־קודש. אַז איך בין אַהיימגעקומען פון דעם גמרא־מלמד, האָב איך שוין געטראָפן אַ לערער, וואָס האָט מיט מיר געלערנט דייטש, רוסיש און תנ"ך מיט דייטשער איבערזעצונג... נאָך אַלס

קינד, אומגעפער פון 11-10 יאָר, האָב איך, אויסער וואָס פילע קאַפּיטלען פון תנ"ך אויסנווייניק דעקלאַמירט, זאָגאַר דאָס ערשטע ליד געשריבן אין דער העברעאישער שפּראַך מיטן נאָמען „פּדיון הבכור"... אין פאַרלויף פון דריי יאָר האָב איך געענדיקט די שולע מיט איינער אויסצייכענונג (פּערווע נאַגראַדע) אונד מיין פאַטער האָט מיר באַלד אַוועקגעשיקט נאָך זשיטאָמיר (אים יארע 1857) אום אין דער דאָרטיקן ראַבינער־שולע מיין שטודיום פאָרצוזעצן.

אַ פרייליך שטיקל צייט איז דאַמאָלט געווען פאַר מיינע מיטשילער: די הויך געוועלבטע זאַלן פון אַלע קלאַסן האָבן געהילכט יעדן טאָג פון די טענער, וואָס מיינע קאָלעגן פלעגן זינגען מיינע לידער אין דער העברע־אישער שפּראַכע, ווי אויך אין זשאַרגאָן. אים יארע 1865 איז ערשינען פון מיר דער „ציצים ופרחים" (זאַמלונג מיינער העברעאישער געדיכטע) אונד אים יארע 1866 איז ערשינען „דאָס יידעלע" (זאַמלונג מיינער „יידישן פאָלקס־לידער"). אין דעם זעלבן יאָר האָב איך געענדיקט די ראַבינער־שולע מיט איין אַטעסטאַט אונד די רוסישע רעגירונג האָט מיך באַשטימט פיר קראָנסלערער אין דער סימפעראָפּאָליער שולע, נאַכער אין אָדעססאַ..."



די טרופּע פון ישראל גראָדנער אין יאסי

1. פינקעלשטיין, 2. פרוי קאַרפּ, 3. אַנעטאַ גראָדנער, 4. פרוי מאָגולעסקאָ, 5. לאַזאַר מאָגולעסקאָ, 6. לאַזאַר באַס, 7. גאָלדשטיין, 8. זילבערמאַן, 9. פרוי זילבערמאַן, 10. ישראל גראָדנער.

אויף דעם אָרט פאַרזעט גאָלדפאַדען אין זיין אויטאָביאָגראַפיע א זייער וויכטיקע געשעעניש אין זיין לעבן און מיר וועלן עס פעסטשטעלן.

אין א פריערדיקן שמועס האָבן מיר שוין דערמאָנט די אויפפירונג פון עטינגערס „סערקעלע" אין דער זשיטאָמירער ראַבינער־שול. אין דער דאָזיקער פאָר־שטעלונג האָט נישט קיין אנדערער ווי טאַקע גאָלדפאַדען אליין געשפּילט די טיטל־ראָלע, ד. ה. די פרויען־ראָלע „סערקעלע" און האָט אין איר געהאַט א שטורמישן דערפאָלג.

דאָס איז אַלזאָ געווען זיין ערשטע באַגעגעניש מיטן עולם, דער ערשטער אַפּלאָדיסמענט, וועלכער האָט אים אונטערבאַוווסטזיניק געשטויסן צום טעאַטער און ערשט אין א פּאָר יאָר אַרום באַהאַפטן מיט אים אויף צו שאַפן געשיכטע.

די שטעלע פון א לערער, ווי אויך דער געהאַלט האָט אים ווייניק אימפּאָ־נירט. שרייבט ער טאַקע ווייטער אין זיין אויטאָביאָגראַפיע:

„איך בין אַוועקגעפאָרן נאָך לעמבערג און דאָרט אים יאָרע 1875 אַרויסגעגעבן פיר לאַנד איין וויץ־בלאַט „ישראליק".

...אין א האַלב יאָר אַרום האָט די רעגירונג פאַרבאָטן דאָס בלאַט, און „ישראליק" איז נפטר געוואָרן. דאָס אומגליק האָט מיך אָבער נישט אָפּגעשראָקן און בין באַלד אַוועקגעפאָרן נאָך טשערנאָוויץ און דאָרטן אַרויסגעגעבן „דאָס בוקאָווינער איזראַעליטישע פאָלקסבלאַט" אים יאָרע 1876.

איינער פון מיינע אַבאָנענטן אין יאַסי (רומעניע) האָט מיר א בריוו געשריבן, אין וועלכן ער האָט מיר פאָרגעלייגט די רעדאַקציאָן פון דעם בלאַט נאָך יאַסי אַריבערצוטראָגן, ווייל יאַסי איז די ערשטע יידן־באַפעל־קערטע שטאָט אין רומעניען. צו דעם צוועק בין איך נאָך יאַסי געקומען און דאָ האָט זיך עראייגנט דער פאַל, וואָס האָט געהאַט אזא גרויסע באַ־דייטונג אויף מיין גאַנץ צוקונפטיק לעבן".

ווי געזאָגט איז צו יענער צייט אין שמעון מאַרקס וויינקעלער אויפגעטרעטן דער ביז גאָר טאַלענטירטער און אַלזייטיק באַגאַבטער ישראל גראָדנער מיט זיין פּאַרטנער שכר גאָלדשטיין.

גראָדנער האָט זיך מיט גרויס ליבע און דרך־ארץ באַצויגן צו גאָלדפאַדענען, וועמענס לידער ער פלעגט זינגען אויף זיינע אַרויסטריטן. די לידער אין גראָדנערס אינטערפּרעטאַציע פלעגן שטאַרק אויסנעמען און גאָלדפאַדענס נאָמען איז שוין דערדי־בער געווען געגנוג פּאָפּולער ביי די ברייטע מאַסן.

ס'איז אַנטשטאַנען דער געדאַנק איינצואָרדענען פאַר גאָלדפאַדענען אַן



יידישע „זשיגניצע״־טעאַטער אין בוקאַרעשט

עפנטלעכן אַרויסטריט, וואָס זאָל אים אַרויסהעלפן אין דער שווערער מאַטעריעלער לאַגע, אין וועלכער ער האָט זיך דאַן געפונען.

זיין פריינט ליברעסקאָ, וועלכער האָט אים טאַקע אַראָפּגעבראַכט קיין יאַסי, האָט צוזאַמען מיט גראָדנערן באַאיינפלוסט שמעון מאַרקסן מסכים צו זיין צו אַזאַ אַרויסטריט, דאָס איז זיי אַגב נישט שווער אָנגעקומען, ווייל דער טיכטיקער שענקער האָט תיכף באַרעכנט, אַז אויב גאָלדפאַדענס לידער, געזונגען פון פרעמדע, האָבן אַזאַ דערפאָלג ביים עולם, אַ פשיטא שוין ווען ער אַליין, גאָלדפאַדען הייסט עס, וועט זיי דערלאַנגען . . .

און ס׳איז תיכף באַקאַנט געוואָרן ביי די ליבהאָבער פון יידישן ליד דער דאָזיקער אַרויסטריט און דער עולם האָט איבערפולט יענעם אָוונט שמעון מאַרקס גערטנדל, צאָלנדיק העכערע פּרייזן ווי תמיד.

גאָלדפאַדען אַליין האָט באַקומען פאַר דעם אָוונט 100 פראַנק, וואָס איז צו יענער צייט געווען אַ היבשע סומע. דער דאָזיקער אַרויסטריט האָט געשפּילט אַ דעציזירנדיקע ראָל אין גאָלדפאַדענס לעבן און מיר וועלן דעריבער אים שענקען אַ באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט.

זיגמונט טורקאָוו

זאָל מיר דערלויבט זיין די דאָזיקע נעשעעניש צו אילוסטרירן מיט די ערשטע צוויי בילדער פון מיין פּיעסע אונטערן נאָמען: „אברהם גאָלדפאדען".*)

ס׳ערשטע בילד

יאַסי, רומעניע. יאָר 1876. אין גאָרטן ביי שמעון מאַרקס וויינ־קעלער. אויפן ערשטן פּלאַן, פּאַראַלעל צו דער ראַמפּע, איייניקע בענק, גע־ריכט באַזעצט מיט עולם (מיטן רוקן צום טעאַטער־זאַל). אין הינטער־גרונט אַ קליינע עסטראַדע, אויף וועלכער „עס שטעלן פּאָר" די לידל־זינגער. ס׳איז געדיכט אָנגערויכערט. ענג. האַלב טונקל. אויף דער עסטראַדע: ישראל און שכר. זיי זינגען אַ קאָמישן דועט פון „בראָדער־זינגער"־רעפּערטואַר וואָס ווערט באַגלייט פון טופּעריי, געלעכטער און פאַרשידענע אויסגע־שרייען פון די צוהערער. נאָכן אָפּזינגען און אָפּטאַנצן — שטאַרקע אַפּלאָ־דיסמענטן און אויסגעשרייען:

— בראַוואָ, בראַוואָ, סראָל.

אַן אַנטיק, סאָכער.

נאָך אַ טענצל, חברה, איך צאָל וויין.

סראָל, אַ פריילעכס.

סראָל „דאָס פריילעכע חסידל".

(אַלע כאַפּן אונטער צופרידן):

— יאָ, טאַקע. „ס׳פריילעכע חסידל", „ס׳פריילעכע חסידל".

(סראָל באַמיט זיך צו באַרואיקן דעם עולם מיט האַנט באַוועגונגען. עס העלפן אים צו איייניקע פון די געסט, ווי אויך הער ליבערעסקאָ. צוליבן טומל הערט מען נישט זייערע שטימעס. ענדלעך געלינגט איינצושטילן דעם עולם. סראָל ווענדט זיך צו די צושויער מיט אַ געהויבענער שטים:

גראָדנער:

אַ־יאָ, ס׳געפעלט אייך אונדזער זינגען און טאַנצן?

שטימעס:

— פאַררעד נישט די ציינער.

— האַק נישט קיין טשייניק. נאָך אַ טענצל.

ס׳פריילעכע חסידל.

גראָדנער:

ער קומט, ער גייט, ער איז שוין דאָ.

---

*) געשריבן אין ריאָ אין יאָר 1947 אַלס צווייטער וואַריאַנט פון דער זעלבער פּיעסע, געשריבן אין רעסיפע אין יאָר 1943.

מיר האָבן זיך דערוואַרט אין אַ מזלדיקער שעה.
„דאָס פריילעכע חסידל" האָט אַ שמעק טאַבאַק די ווערט,
ווער ס'האָט עס פונעם דיכטער אַליין נישט געהערט.
מיר האָבן אייך דעם דיכטער פון אויסלאַנד געבראַכט,
ער וועט אייך פאַרווײַלן די הײַנטיקע נאַכט.
שמעון מאַרק איז אַ בריה, ווי איר זעט מיך אַ ייִדן,
ער וויל זײַנע געסט זאָלן בלײַבן צופרידן,
לאָזט ער זיך קאָסטן אוצרות מיט געלט
און חי־געלעבט, ייִדן, ווייסט פון אַ וועלט.
אָט קומט ער, אָט גייט ער, אָט איז ער שוין דאָ.
מיר האָבן זיך דערוואַרט אין אַ מזלדיקער שעה.
גאָלדפאַדען קומט, איר הערט ייִדן, צי ניין,
נישט קיין פאַרשטעלטער, נאָר טאַקע ער אַליין.
פּאַטשט מיט הענט אַ רויך זאָל גיין,
בראַוואָ, גאָלדפאַדען. אָט איז ער אַליין.

(סידערשיינט אברהם גאָלדפאַדען אין פראַק, לאַקירטע שיך, ווײַסע װעסט און קראַוואַט. ער טוט אויס דעם צילינדער און פאַרנייגט זיך טיף. שטורעמדיקע אַפּלאָדיסמענטן).

גאָלדפאַדען: ברידער. יאָ, נאָר אַזוי דאַרף איך אייך רופן, מײַנע ליבע ייִדן, ווײַל אַלע זענען מיר ברידער פון איין פאָלק. און כאָטש מיר זענען צעזייט און צעשפּרייט איבער גאָטס גרויסער וועלט, פיל איך אומעטום, ווו איך באַגעגן אייך, די זעלבע ליבע און צוגעבונדנקייט, וואָס נאָר ברידער קאָנען צו זיך פילן. אָט די ליבע אײַערע מאַכט מיך שאַפן פאַר אײַך מײַנע לידער, אויסזינגען אין זיי אײַער פרייד און לייד... איך האָב די לידער אויסגעטראָגן, אויסגעוויייטיקט, אויסגעזונגען און אין פאָלק געלאָזן, ס'זאָל אים זײַן שווערן וועג באַגלייטן; ס'זאָל אים אַ שמייכל אויף די בלאַסע ליפּן ברענגען; ס'זאָל אים אַ טרייסט זײַן אין טעג אין שווערע האָפענונג און נחמה ברענגען אין צייט פון יאוש און פאַרצווייפלונג. צום קאַמף דערמוטיקן, שלעכטס באַקעמפן און גלויבן אין אַ שענער לעבן אײַנפלאַנצן אין האַרצן . . .

אײַנער: וואָס האַקט ער אַ טשייניק, דער יאָלד (באַוועגונג).

ה' ליבהעסקאָ: רעספּעקט, איר גראָבער נפש, האַלט דאָס מויל (סיווערט שטיל).

גאָלדפאַדען: אַלס ערשטן נומער פון מײַן הײַנטיקן קאָנצערט וועל איך

פאַר אייך דעקלאַמירן מיין באַקאַנטע נאַציאָנאַלע פּאָעמע: „דאָס פּינטעלע ייד". (ער טוט אַ גלעט די וואָנסן, הוסט זיך אויס, און הויבט אָן צו דע־קלאַמירן:)

„איך האָב דיך ליב, מיין פאָלק, דו טייערע אומה,
דו שטאַרקע, דו שיינע, דו פיינע, דו פרומע.
איך האָב ליב דיין אמונה, דיין הייליקע תורה,
נאָך אין וויגל האָב איך געהערט: „דאָס איז די בעסטע סחורה".
איך האָב ליב דיין נאָמען ווי מען גיט אים אַ דריי:
צי ישראל, צי יזראעל, צי עברי, צי יעווריי,
צי יעקב, צי יאַקאָב, צי יודע, צי ייד,
איך האָב דיך ליב אפילו ביים נאָמען זשיד.
עפן אויף דיין געשיכטע, ייד, און פּרווו לייענען,
יעדע שורה וועסטו באַקלאָגן — איטלעכעס בלעטל באַווייגען...
וועסט זען לענדער — וואָס זענען פול פון טויטע יידן.
וועסט זען טייכן — דאָס איז בלוט פון געקוילעטע יידן.
וועסט זען פעלדער — זענען פול מיט צעטראָטענע יידן.
וועסט זען וועלדער — דאָס איזביינער פון צעשניטענע יידן.
וועסט זען שטיינער — דאָס איז שאַרבנס פון דערשלאָגענע יידן.
וועסט זען פאָרעך — דאָס איז אַש פון פאַרברענטע יידן.
נאָר דיין טייערע אמונה האָסטו נישט פאַרביטן
ביי אַלע יסורים וואָס דו האָסט געליטן.
טויזנטער יידן האָבן געלאָזט זייער גוטס פאַרפאַלן
און פון הונגער, ווי די סנאָפּעס, זענען זיי אויסגעפאַלן.
אַ טייל האָט מען געברענט, געשונדן די הויט:
„אָדער בייט דיין אמונה, אָדער נעם דעם טויט."
דו האָסט אָבער געזאָגט, בשעת אַרום דיר האָט געברענט פייער:
„נאַט אייך מיין נשמה. די אמונה איז מיר טייער."

(פּלוצים דערהערט זיך אַ פייף. גאָלדפאַדען טוט אַ ציטער. וויל ווייטער דעקלאַמירן, סידערהערט זיך אַ צווייטער פייף. ער בלייבט שטיל. קוקט זיך אַרום אַ צעטומלטער, ווישט דעם שוויס. ווען ער הויבט ווידער אָן צו דעקלאַמירן, דערהערט זיך אַ שטאַרקע פייפעריי פון אַלע זייטן. גאָלד־פאַדען פאַרלירט דעם צילינדער, בלייבט שטיין אַ בלאַסער און שווייגנדיקער — אינגאַנצן אומבאַהאָלפן. הי ליברעסקאָ, וועלכער באַמיט זיך אומזיסט צו באַרואיקן דעם עולם, לויפט אַרויף צו גאָלדפאַדענען אויף דער עס־

טראַדע. עס באַװײַזט זיך ישראל גראָדנער אַן אױפֿגעבראַכטער. ער פֿאַר־
ציט דעם פֿאָרהאַנג לענגאױס דער עסטראַדע און שרײַט אַראָפּ צום עולם):

ג ר אָ ד נ ע ר :   דרך־ארץ. איר װײסט װאָס איך טוט? װעמען פֿײַפֿט איר אױס?



זיגמונט טורקאָװ אַלס אברהם גאָלדפֿאַדען
אין זײַן פּיעסע מיטן זעלביקן נאָמען

א ײ נ ע ר :   א יאָלד מיט גלאַנציקע שיך.

א װ ײ ט ע ר :   װאָס נעמט ער אונדז אױפֿן צימבל מיט זײַן מעקען?

ד ר י ט ע ר :   זאָל ער גײן אין שיל אַרײַן, דער מגיד, אונדז גיב א פֿרײַלעכס.

ג ר אָ ד נ ע ר :   װאָס מײנט איר זיך. ער איז אײערס גלײַכן? א זשלאָב פֿון װײַנ־
קעלער? װײסט איר, װער אברהם גאָלדפֿאַדען איז? איר אַלײן קװעלט דאָך

אָן פון זיינע לידער ווען אנדערע זינגען זיי, פּאַרוואָס־זשע האָט איר פאַר
אים אַליין קיין דרך־ארץ נישט?

אײנער: העי, דו, ישראל, אז ווילסט האָבן פּרנסה, טאָ ליג איינגעלייגט און
זינג א פריילעכס, אז נישט דאַרפן מיר דיך אויף טישעטשע ניינציק כּפּרות
צוזאמען מיט דעם יאָלדישן דייטש.

אלע: א לידל. א פריילעכס.

— העי, שמעון, ס׳גנעלט צוריק. ס׳גנעלט צוריק.
(סיוועדט אַן אַלגעמיינער טומל, א פּייפערײ, אַ געטופעריי. גראָדנער כאַפּט
אויף זיך בליך־שנעל אַ לאַנגן קאַפּטן, אַ שטריימל מיט אַ פּאָר לאַנגע פּאות
און גיט אַ שפּרונג אין מיט בינע, אויפּציענדיק דעם פּאַרהאַנג. דער עולם
צעלאַכט זיך, הויבט אָן אַפּלאָדירן.)

גראָדנער: איך וועל אייך פאַרזינגען א שיין ליד: „דאָס פריילעכע חסידל״...

אויסגעשרייען: בראַוואָ, ישראל. דאָס פריילעכע חסידל.

גראָדנער: (שרייט זיי איבער) פאַרפּאַסט פון אונדזער באַליבטן פאָלקס־דיכ־
טער גאָלדפאַדען.

אלע: בראַוואָ גאָלדפאַדען (שטאַרקע אַפּלאָדיסמענטן).
פינצטער.

סיצווייטע בילד

ביים הער ליברעסקאָ

גאָלדפאַדען פאַרטיפט אין שרייבן. הערט נישט ווי מען קלאַפּט
אייניקע מאָל אין טיר. צום סוף עפנט זיך פאָרזיכטיק די טיר און סישטעקט
אַריין דעם קאָפּ דער הי׳ ליברעסקאָ.

ה׳ ליברעסקאָ: איך שטער אייך הער גאָלדפאַדען?

גאָלדפאַדען: (דרייט זיך שנעל אויס) ווער איז? א, דאָס זענט איר, מיין
ליבער פריינט ליברעסקאָ. איר — שטערן? א שיינער וויץ, כ׳לעבן. אָבער
וואָס גייט איר נישט אַריין?

ה׳ ליברעסקאָ: אָט טאַקע דערפאַר, ווייל איך האָב אייך מורא צו שטערן.

גאָלדפאַדען: ס׳איז דאָך אייער וווינונג, אייער שטוב, וואָס איז פאַר מיר
אַזוי ליב און גאַסטפריינטלעך. זעצט אייך און פילט אייך ווי ביי זיך אין
דערהיים (ביידע לאַכן). כ׳האָב מיך שוין טאַקע פאַרבענקט נאָך אייך —
כ׳פיל א באַדערפעניש זיך אויסצוטענהן מיט א קלוגן מענטשן.

ה׳ ליברעסקאַ: מעגלעך, אַז דאָס האָט פון מיר געמאַכט אייער געזעל־שאַפט, ה׳ גאָלדפאַדען, די קורצע צייט, וואָס איר געפינט זיך ביי אונדז אין יאַסי, האָט מיר אויף אַ סך, זייער אַ סך זאַכן געעפנט די אויגן... און דער נעכטיקער אָוונט . . .

גאָלדפאַדען: מיין נעכטיקער דורכפאַל, ווילט איר זאָגן (לאַכט).

ה׳ ליברעסקאַ: איר לאַכט, הער גאָלדפאַדען? אָט אַ פנים אַז דאָס האָט אויף מיר מער געווירקט ווי אויף אייך . . .

גאָלדפאַדען: יאָ, טייערער ליברעסקאָ. איך בין שוין געוווינט צו דורכפאַלן... מיין ביז איצטיק לעבן איז אַ לאַנגע קייט פון דורכפאַלן... נישט באַוויזן זיך אויסטשוכען פון איינעם, ווי אַ יווייטער האָט זיך געיאַוועט... איין אומגעבעטענער גאַסט נאָכן אַנדערן . . .

ה׳ ליברעסקאַ: און מיר דאָ, גראָע קליינע מענטשעלעך, האָבן זיך פאָר־געשטעלט, אַז דער באַרימטער דיכטער אברהם גאָלדפאַדען איז דער גליק־לעכסטער מענטש אויף דער וועלט.

גאָלדפאַדען: אַזוי אַפּנים זעט אויס דאָס גליק פון אַלע באַרימטקייטן: דער נאָמען לויפט פאָראויס, דער גוף שלעפט זיך קוים נאָך און פאַלט פון די פיס.

ה׳ ליברעסקאַ: פון וואַנען־זשע נעמט זיך צום גוף אַזוי פיל כחות?

גאָלדפאַדען: דאָס איז דער אימפעט, מיין פריינט, וואָס טרייבט אים פאָר־אויס... דער נישט געזעטיקטער באַגער זיך אַרויסצוקריגן פון דער וואָכע־דיקייט... דער יום־טוב, וועלכן ער פילט בחוש און ווייסט אים נישט ווו צו זוכן... יאָגט עס אים פאָראויס... פון איין דורכפאַל צום צווייטן, פון איין אַנטוישונג צו דער אַנדערער, ביז...

ליברעסקאַ: ביז? . . .

גאָלדפאַדען: (נאָך אַ פויזע) ביז ער וועט אַריין אין דעם יום־טוב... (פאַר־רויכערט, פויזע) אָט דאַכט זיך, ווי ס׳וואָלט נעכטן געווען: די גליקלעכע זאָרגלאָזע צייט אין דער ראַבינער־שולע... גאָטלאָבער מיט זיינע ניגונים, מיט זיינע לידער... אויך איך האָב דאַן אָנגעהויבן צו זינגען... אַ שטיק יום־טוב... און באַלד דערנאָך — דאָס לעבן... די טרוקענע, אויסגערעכנטע, גראָע טאָג־טעגלעכקייט... געוואָרן לערער, פון לערער קאַסיר, פון קאַסיר אַליין באַלעבאָס... און איידער מען קוקט זיך אַרום, ווערט דער ניי־געבאַ־קענער געשעפטסמאַן באַנקראָט און מוז עוקר זיין קיין אויסלאַנד... געוואָלט שטודירן מעדיצין, האָט זיך אָבער נישט געוואָלט שטאַרבן פון הונגער, — געגרינדעט אין לעמבערג אַ הומאָריסטישע צייטונג, טוט זי מיר אָפּ

אויף טערקיש און שטאַרבט נאָך איידער זי ווערט געבוירן... שאַפּט מען אין בוקאָווינע אַן אַנדערע, זשיפּעט זי אויך קוים... און אָט שיקט גאָט צו אַ געוויסן טייערן, ליבן יידן פון יאַסי, אַ געוויסן יצחק ליברעסקאָ, — איר קענט אים? — וועלכער ברענגט אַראָפּ צו זיך דעם שלימזלדיקן גאָלד־פאַדען און נעמט אים אַריין צו זיך אין שטוב ווי אַן אייגענעם ברודער און שאַנצט אים צו גאַנצע 100 פראַנק פאַר זיין דערפאָלגרייכן אויפטריט אין שמעון מאַרקס וויינקעלער . . .

ליברעסקאָ: דערפאָלגרייכן ?

גאָלדפאַדען: יאָ, ליבער ליברעסקאָ. די נעכטיקע פּיפּערייַ האָט מיך פיל געלערנט, אויף פיל זאַכן געעפנט די אויגן. איך האָב ביז איצט געשריבן פאַרן פאָלק, אָבער נישט צונויפגעטראָפן זיך מיט אים... איז מיין שרייבן געווען פאַר מיר, נישט פאַרן פאָלק. כדי אים צו פאַרשטיין און צו ווערן פון אים פאַרשטאַנען, דאַרף מען זיך אויסמישן מיטן פאָלק... מען דאַרף גיין טריט ביי טריט מיט אים, נישט לויפן אים פאַראויס. נישט שלעפּן שמעון מאַרקס וויינקעלער אַרויף צום אָלימפּ, נאָר דער אָלימפּ מוז אַראָפּ־נידערן צו אים און ווענדן זיך צו אים אין אַ צוגענגלעכן לשון. נישט אין אַ צילינדער, נישט אין לאַקירטע שיך און ווייסע הענטשקעס דאַרף מען פאַר אים דערשיינען, דאָס קוקט אים אוים אויסטערליש, ער שרעקט זיך פאַר דעם. ישראל גראָדנער האָט דאָס בעסער פאַרשטאַנען פון מיר און דערי־בער האָט אים דער עולם ליב, ער איז אים נאָענט. אָט דאָס האָט מיך די נעכטיקע פּיפּערייַ אויסגעלערנט. נו, ליבער ליברעסקאָ, איז עס אַ דורכ־פאַל, אָדער אַ דערגרייכונג, אַ גרויסער דערפאָלג ?

ליברעסקאָ: הער גאָלדפאַדען, איר האָט מיר אַ נייע נשמה אַריינגעגעבן מיט אייערע איצטיקע ווערטער. איך האָב מיך געפילט זינדיק קעגן אייך, ווייל דאָס האָב איך דאָך אייך צוגערעדט צום דאָזיקן אַרויסטריט. איצט, פאַרקערט, פרייט עס מיך פון טיפן האַרצן, ווייל דאָס וועט געוויס זיין אַ נייער, וויכטיקער עטאַפּ אין אייער שאַפונג. באַפעלט, הער גאָלדפאַדען, און איך שטעל מיך איינגאַנצן צו אייער פאַרפיגונג און גאַראַנטיר אייך, אַז אין אַ וואָך אַרום וועט אין יאַסי אָנהויבן צו דערשיינען אייער נייע צייטונג.

גאָלדפאַדען: ניין, מיין טייערער ליברעסקאָ, שמעון מאַרקס וויינקעלער האָט מיך געלערנט נישט צו גרינדן קיין צייטונג . . .

ליברעסקאָ: נישט קיין צייטונג ?

גאָלדפאַדען: ניין — אַ יידישן טעאַטער.

ליברעסקאַ: טעאַטער פון ווינקעלער?
גאָלדפאַדען: געווים. פון דער טיפעניש פון פאָלק, פון זיין פאָלקס־שפּראַך, פון זיין ניגון! אַלץ איז פאַרטיק, אַלץ איז צייטיק: אַ טייערער עולם — וואָס קען באַלוינען און באַשטראָפן. אמת — אַ רויער, אַ פּרימיטיווער עולם — וועלן מיר אים לערנען, דערציען. פאַראַן אויך די ערשטע אַקטיאָרן: ישראל און שכר; מיט דער צייט וועלן צוקומען נייע. אונדז, יידן, פעלן נישט קיין טאַלאַנטן. פאַראַן אויך דער דיכטער, וואָס וועט שרייבן פאַרן טעאַטער. און אים איז אויך באַשערט דער כבוד צו זיין דער גרינדער פון יידישן טעאַטער.
ליברעסקאַ: און ווי רעכנט איר צו מאַכן זיין זיך־אָרט?
גאָלדפאַדען: אומעטום ווו ס'קלאַפּט אַ יידיש האַרץ און בענקט נאָך אַ יידיש ליד — וועט זיין זיין אָרט. ווו ס'פאָלק — דאָרט זיין ליד. אַ פאָלק אָן אַ ליד איז פאַרמשפּט צום אונטערגאַנג. און אונדזער פאָלק זינגט, — מיט טרערן צי מיט פרייד — עס זינגט. אַ באַווייז אַז ס'לעבט. פאַרשרייבט אייך מיינע ווערטער, ליברעסקאַ:

„יום־טובים צייט 1876 יאָר. אין דעם קליינעם, נאָר פריינטלעכן שטיבל פון יצחק ליברעסקאַ אין יאַסי, איז געלייגט געוואָרן דער ערשטער גרונט־שטיין צו דעם צוקונפטיקן קאָלאָסאַלן בנין, וואָס זיין נאָמען וועט זיין: יידיש טעאַטער.״

פינצטער.

(סוף פון צווייטן בילד)

און גאָלדפאַדען האָט זיך טאַקע אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט מיט זיין גאַנצן יוגנטלעכן ברען און באַגייסטערונג, צילבאַוווסטזיניק און מיט פּיאָנערישן אידעאַליזם איז ער צוגעטרעטן צו לייגן דעם פונדאַמענט פון צוקונפטיקן יידישן טעאַטער.

און ס'איז געשען אַ נס. צוגלייך מיטן פונדאַמענט האָבן זיך באַוויזן די ווענט און באַדעקט געוואָרן מיט אַ דאַך. ס'איז מיטאַמאָל אויסגעוואַקסן אַ פאַרטיקער בנין. וואָס ביי אַנדערע האָט געדויערט שווערע יאָרן פון פּלאַנמעסיקער, וויסנשאַפטלעך־באַגרינדעטער אַרבעט, איז דאָ — ווי מיט אַ צויבערשטעקעלע — איבערנאַכט געוועקט געוואָרן צום לעבן. אַזאַ קפיצת־הדרך קאָן נישט פאַרצייכענען קיין שום טעאַטער־געשיכטע ביי קיין שום פאָלק.

דער וועג איז געווען זייער אַ שווערער, אָפטמאָל פאַרבונדן מיט סכנת־

נפשות און אויך אין דעם פּרט קאָן זיך קיין שום אַנדער טעאַטער נישט פאַר־גלייכן מיטן יידישן.

לאָמיר הערן וואָס גאָלדפאַדען אַליין זאָגט וועגן דעם אינעם ערשטן קאַפּיטל פון זיין אויטאָביאָגראַפיע.

„ליבער לעזער. אויב איר זענט נייגעריק און עס אינטערעסירט אייך צו וויסן די אינטערעסאַנטע, אָבער וואָרע ביאָגראַפיע פון דעם טעאַטער־קינד פון זינט ער איז געבוירן ביז עס האָט דערגרייכט זיינע ערשטע פינף און צוואַנציק יאָר, און וועלכעס מאַכט נאָך יעצט אַזא סענסאַציאָנעלן, אָנגענעמען איינדרוק ביי אַ האַלבער וועלט יידן און אויך נישט יידן, — מוזט איר אייך אַנטשליסן מיט מיר צוזאַמען מיט־מאַכן נאָכאַמאָל די גרויסע רייזע איבער רומעניען, רוסלאַנד, אַמעריקע, לאָנדאָן, פּאַריז און גאַליציען, — איר האָט אייך נישט וואָס צו שרעקן. איך פאַרזיכער אייך, אַז אייך וועט די רייזע, אַ סך וויניקער קאָסטן ווי מיך, איר וועט שוין חלילה נישט ליידן אויף דעם וועג די אָפּסטאַקלען און פּאָגראָמען וואָס איך האָב געליטן... איר וועט חלילה נישט האָבן די ווייען און נאָכווייען, וועלכע איך האָב געהאַט, מאָראַלישע און גייס־טיקע קרענקונגען, וואָס איך האָב געליטן מיט זיינער ערציאונג און אויס־בילדונג, ביז עס איז אַלט געוואָרן פינף און צוואַנציק יאָר... איר דאַרפט אייך נאָר אַנטשליסן מיר נאָכצופאָלגן פונעם שמוציקסטן שענקל ביז אין פּראַכטפולן פּעטערסבורגער קייזערלעכן ווינטער פּאַלאַץ; איר דאַרפט אייך נישט שעמען מיט מיר גלייך צו רעדן מיט אַן איינפאַך אָרעם יידיש מיידל, ווייל באַלד וועט זי ווערן ביי מיר אַ בת־מלכה מיט אַ גאָל־דענער קרוין און וועט אייך איבערראַשן מיט איר שפּילן און זינגען... איר דאַרפט אייך נישט זשעניר גלייך מיט מיר צו דריקן די מוסקולעזע פאַרהאַרטעוועטע האַנט פון אַן אָרעמען בראַווען אַרבעטער, ווייל באַלד וועט ער ווערן ביי מיר אַ היסטאָרישער העלד מיט פּאַנצער און שווערד און וועט אַזוי קונסט־פול שפּילן זיין ראָלע, אַז איר וועט באַדאַרפן אַ זכיה האָבן, אַז ער וועט מיט אייך טרינקען אַ גלאָז ביר"...

גאָלדפאַדען האָט זיך אַלזאָ אָפּגעגעבן חשבון פון דעם פּרימיטיוון אַקטיאָרן־מאַטעריאַל, מיט וועלכן ער האָט געבויט זיין טעאַטער און האָט זיך נעגרויסט מיט די פאַרשריטן וואָס זיי האָבן אונטער זיין אָנפירונג געמאַכט.

ער האָט געדאַרפט נישט נאָר אויסבילדן זיין עולם, נאָר אויך זיין אַקטיאָר און ער איז טאַקע געווען פּעדאַגאָג, דערציער, לערער, דירעקטאָר און רעזשיסער אין איין פּערזאָן. ווי שעקספּיר אין זיין „האַמלעט", אַזוי האָט ער זיינע אַקטיאָרן

געלערנט רעדן, באוועגן זיך, שפּילן און אפילו „האלטן זיך צווישן מענטשן" . . .

חוץ די דאָזיקע דערציערישע פונקציעס איז ער אויך געווען דער מחבר פון זיין רעפּערטואַר, וועלכער האָט באַדאַרפט זיין צוגעפּאַסט צום געשמאַק פון זיין עולם. ער איז געווען דער ערשטער ביי אונדז צו פאַרשטיין אַז מיט אַן אַנטשפּרעכנ־דיקן רעפּערטואַר קאָן מען פאַראינטערעסירן דעם עולם און געווינען אים פאַרן טעאַטער, דאַקעגן קאָן אַ שלעכטע פּיעסע אים פאַרטרייבן פון דאָרט.

ער האָט געוווּסט, ווי שטאַרק באַליבט עס איז ביים עולם דער יידישער ניגון און ער האָט טאַקע אויף אים געבויט זיינע אָפּערעטעס. אליין אַ גרויסער מנגן, האָט ער פאַרשטאַנען צוטרעפן צום געשמאַק פון זיין עולם סיי מיט זיינע נאַציאָ־נאַלע, העראָאישע, סענטימענטאַלע לידער, סיי מיט די לוסטיקע, פאַרוויילנדיקע.

יעדע געשעעניש אינעם לעבן פון אַ פאָלק שאַפט איר ליד; יעדע אויפ־טרייסלונג — איר „איכה", יעדע פרייד — איר „הלל".

דאָס יידישע לעבן איז אַזוי אַנדערש פונעם לעבן פון אַנדערע פעלקער וועלכע זענען איינגעוואָרצלט אין זייער באָדן און פירן במילא אַ נאָרמאַלע, סטאַ־ביליזירטע עקזיסטענץ. דאָס יידישע לעבן דאַקעגן איז פול מיט אומגעריכטע געשעע־נישן, עס קומט אין אים פאָר אַ כסדרדיקער „ויתרוצצו" צווישן פרייד און לייד, צווישן שמייכל און זיפץ... דאָס האָט געשאַפן ביי די מאַסן אַ ספּעציפישע מענטאַ־ליטעט, דעם „גם זו לטובה" אין צייטן פון גרעסטער דעפּרעסיע.

גאָלדפאַדען, וואָס איז אַריינגעדרונגען אין אַלע ווינקעלעך פון דער פאָלקס־נשמה, האָט אַרויסגעפילט די דאָזיקע מענטאַליטעט און פאַרשטאַנען זיך צוצופּאַסן צו איר. און דעריבער דער קאַליידאָסקאָפּ פון געשעענישן, דאָס בייטן די שטימונ־גען, דער שנעלער איבערגאַנג פון פאָלקס־אומגליק צו פרייד, פון דיסקרימינאַציע צו רעאַביליטאַציע, פון ירידה צו אויפשטייג, פון שווערע קלעפּ פונעם גורל צום אַנטגילטיקן זיג פון יושר און גערעכטיקייט. קיין איינער פאַר אים און נאָך אים האָט נישט באַוויזן אַזוי צו פאַרגרינגערן דאָס שווערע געמיט פון די מאַסן, צו שטילן זייער ווייטיק און זייערע טרערן צו פאַרבייטן אויף אַ שמייכל פון דערלייכטערונג.

גאָלדפאַדען האָט פאַרשטאַנען אַראָפּצונידערן אין דעם פאַרחושכטן קעלער־שטיבל און אין דומפּיקן וואַרשטאַט און אַראָפּצוברענגען אַהין זיינע „ראָזשענקעס און מאַנדלען".

ער איז געווען אַ מערקווירדיקער סיסמאָגראַף, וואָס פלעגט פאַרצייכענען געשעענישן און אויפטרייסלונגען פון זיין צייט און תיכף אונטערקומען מיט אַ קעגן־מיטל, וואָס זאָל זיי פאַרענטפערן און פאַרגיטיקן.

הגם מיט איין פוס געשטעקט אין דער השכלה און פאַרגעזעצט איר קאַמף

קעגן „פינצטערן פאַנאַטיזמוס“, האָט ער זיך אָבער מיטן צווייטן פעסט אוועקגע־שטעלט אויפן באָדן פון נאַציאָנאַלן באַוווסטזיין און סאָציאַלן אמת.

ס'האָט זיך צום ערשטן מאָל פון די טעאַטער־ברעטער דערהערט נאָלד־פאַדענס קעמפערישע לאָזונג: „שטייט אויף, ברידער, צום קאַמף זייט גרייט.“

די דאָזיקע לאָזונג האָט אָנגעפילט די הערצער מיט קאַמף־לוסט, גערופן אַרויס אויף דער גאַס, געטריבן אין די רייען פון דער אַרבעטער באַוועגונג און פאַראַן אַ סברה, אַז די דאָזיקע לאָזונג האָט גורם געווען דעם פאַרבאָט צו שפּילן יידיש־טעאַטער אין רוסלאַנד אינעם יאָר 1883.

זיינע ביבלישע פּיעסעס האָבן דערמאָנט אָן אונדזער גלאָריע־רייכער פאַר־גאַנגענהייט און געוועקט ס'נאַציאָנאַלע באַוווסטזיין. כדי צו ווערן היימיש מיט זיין עולם האָט ער זיך צוגעפּאַסט צו זייער געשמאַק, באַנוצנדיק אָפט ביליקע און אַפילו געשמאַקלאָזע מיטלען. ער האָט עס אָבער געטון באַוווסטזיניק און זיך אָפּ־געגעבן חשבון פון די דאָזיקע קאָמפּראָמיסן, צו וועלכע די אומשטענדן האָבן אים געצוווּנגען.

ער פלעגט דאָס אָפט אונטערשטרייכן אין זיינע בריוו און אַרטיקלען וועגן טעאַטער, וועלנדיק זיך רעאַבילימירן צוליב די שאַרפע פאָרווורפן, וועלכע פלעגן אים נישט געקאַרגט ווערן פון פאַרשידענע זייטן.

„אַ דולעניש, אַן אומזין, אַ קאַלאַטוכע“, פלעגט ער אַליין אָנרופן זיינע שמענדריקעס און קונילעמעלס, אָבער זאָגט ער :

„איך בין געצוווּנגען געווען קעגן מיין ווילן און טראָץ מיינע קענטעניסע זיך אָפּצוגעבן מיט אַזוינע קינדערישע שפּילן“... ער פאַרגלייכט זיין פּרימיטיוון עולם צו אַ קינד, וועלכן מען דאַרף נישט געבן צו שפּילן זיך מיט אַ מייסטערווערק פון אַ קינסטלער, אַ סקולפּטאָר, נאָר אַן אומגעלומפּערטע הילצערנע ליאַלקע, מיט רויט־באַמאָלענע באַקן און שוואַרצע פּינטלען, וואָס זאָלן פאָרשטעלן אַ פּאָר אויגן... „—דאָס קינד וויל הילצערנע פּופּן — אָט נאַ דיר לאַכנדע, טאַנצנדע פיגורלעך און שפּיל זיך מיט זיי דערווייל, ביז דו וועסט עלטער ווערן.“

אין אַ בריוו צו שלום־עליכמען, געשריבן אין יאָר 1889, פאַרענטפערט זיך גאָלדפאַדען צוליב זיין „שמענדריק“ :

„ווען איך פאַנג אָן פון „אוריאל אַקאָסטאַ“, וואָלט קיין יידישער טעאַטער זיך נישט געקאָנט אַנטוויקלען און אַנטשטיין; ווען בעדער־יונגלעך און גאַסן־מיידלעך וואָלטן באַדאַרפט אַרויסרעדן דע־סילוואַס פילאָזאָפישע ריידע און די רויע שניידערלעך און שוסטערלעך וואָלטן באַדאַרפט אויפ־שטעלן זייערע אויערן צו הערן, וואָס זיי קאָנען נישט פאַרשטיין“.

נישט אַלע האָבן אָבער פאַרשטאַנען און מסכים געווען מיט זיין פּעדאַ־

## צוויי אויפפירונגען פון „לא תחמוד"



אין ניו־יאָרקער יידישן קונסט־טעאַטער (רעזשי: מאָריס שוואַרץ, רעקאָראַציעס: ברוך אַראָנסאָן)



אין וואַרשעווער יידישן קונסט־טעאַטער (רעזשי: זיגמונט טורקאָוו, דעקאָראַציעס: י. שליוואַק)

גאָגישן צוגאַנג צו דער דראַזיקער וויכטיקער פראַגע און געווען אפילו אַזעלכע, וואָס האָבן אים באַשולדיקט אין פאַרשפּרייטן אַנטיסעמיטיזם מיט זיינע האָצמאַכס און שמענדריקס.

ס׳איז געווען ענלעך צו די אָנפאַלן פון דער רוסישער רעאַקציע אויף גאָגאָלן, וועלכן מען האָט באַשולדיקט אין פאַרשוועכן די רוסישע נאַציאָנאַלע געפילן מיט זיין „רעוויזאָר״.

אין סאַטירע האָבן זיי געזען פּאַסקוויל, אין מוסר — בייזוויליקייט און שנאה . . .

דער פאָלגנדיקער לעצטער סטראָף פון משה כאַשקעס אַ ליד צו גאָלדפאַדען, געשריבן אין יאָר 1887 זאָגט עדות אויף דער שטימונג ביי דער יידישער אינטעליגענץ פון יענער צייט צו אים :

„שמענדריקס און קאָלדוניעס״ האָבן מיר גענוג,
מיר האָבן דאָס באַלד מער ווי מיר דאַרפן,
מיט דיין „קוני־לעמל״ וועסטו אונדז נישט מאַכן קלוג,
מיר ליבן אַ וויץ, נאָר אַ זיסן, אַ שאַרפן.
אין וויץ מוז ליגן ליבע, געפיל און סאַטירע
עס דאַרף קיצלען, נאָר נישט בייסן, שטעכן ;
גיב אונדז אַהער דיין פידל, די יידישע לירע,
און אין וועלכער צייט דו לעבסט, וויים און בארעכן.״

אין ליטעראַרישן זין האָבן זיינע פּיעסעס אַ קנאַפּן ווערט. די שפּראַך אַ נאַכלעסיקע, געקינצלטע. חוץ די „קאָמיקער״ און פאָלקסמענטשן באַנוצן אַלע אַ פּאַטעטישן, אויפגעבלאָזענעם לשון. דאָס זעלבע קאָן געזאָגט ווערן וועגן זיינע לידער. האָלט טאַקע ש. ניגער, אַז גאָלדפאַדען געהערט „מיט זיין ליטעראַריש־דראַמאַטישער אַרבעט מער צו דער געשיכטע פון יידישן טעאַטער, ווי צו דער יידישער ליטעראַטור־געשיכטע... אפילו זיינע בעסערע טעקסטן קריגן אַ זין, נאָר ווען עס פאַלט אויף זיי דאָס ליכט פון דער ראַמפּע. אין די פּאָפּולערע, פאָלקס־טימלעך־גראָטעסקע פיגורן מוז אַריינגעגאָסן ווערן טעאַטער־ריטם, אַקטיאָרן־בלוט, בדי זיי זאָלן ווערן לעבעדיק און פריילעך. לייענען די פּראָזע פון גאָלדפאַדענס קאָמעדיעס, מעלאָדראַמעס אָדער אָפּערעטעס איז כמעט אוממעגלעך. גאָלדפאַדען האָט זיי אַלע געשריבן פאַר די אַקטיאָרן און די טעאַטער־גייערס, נישט פאַר די לייענערס״.

אויך זיין מוזיק האָט נישט קיין באַזונדערן ווערט און צייכנט זיך נישט אוים מיט אָריגינעלקייט. די מעלאָדיעס זענען גענומען פון סינאַגאָגאַלע קאָמפּאָזיציעס, פון רומענישע, אוקראַינישע פאָלקסמוזיק, פון איטאַליענישע אָפּערעס און רוסישע מאַרשן . . .

און דאָך האָט גאָלדפאַדען באַוויזן אויף אַזאַ עכט קינסטלערישן אופן זיי איינצוגלידערן אין זיינע פּיעסעס מיט אַזאַ מוזיקאַלישן געשמאַק זיי צופּאַסן צום אויער פון זיין עולם, אַז זיי זענען אים געוואָרן נאָענט און ליב, זיי זענען טיף אַריינגעדרונגען אין פאָלקסלעבן און זיך אפילו פאַרוואַנדלט אין פאָלקלאָר.

גאָלדפאַדען דער ליטעראַט און קאָמפּאָזיטאָר וואָלט זיך זיכער נישט פאַר־שאַפט קיין אומשטערבלעכקייט, ווען ער וואָלט זיך באַוויזן אין אונדזער טעאַטער שוין נאָך זיין אנטשטייאונג. אויב אַלזאָ ער איז דורכשניטלעך אין זיין ליטעראַרישן שאַפן, איז ער אָבער גרויס אין זיינע טעאַטראַלע אויפטוען. ער האָט אויף אַ פּיאָ־נערישן אופן באַשאַפן אונדזער טעאַטער, ער אַליין איז געווען אַ גאַנצע טעאַטער־אינסטיטוציע.

ער איז דאָך נישט געווען אויסשליסלעך דראַמאַטיקער, ווי, למשל, אַן עטינגער, גאָטלאָבער און אַנד. און דעריבער נעמט זיך אפשר די נאַכלעסיקייט פון זיין שפּראַך. סוף כל סוף איז דאָך דאָס פאַרפאַסן פּיעסעס געווען נישט מער ווי אַ קליינער טייל פון דער אומגעהויערער צאָל פונקציעס, וואָס אים איז אויסגעקומען צו דערפילן ביים שאַפן אונדזער טעאַטער.

זיין גרויסער פאַרדינסט באַשטייט אויך אין שאַפן יידישן טעאַטער־סטיל, טעאַטער־נוסח און טעאַטער־טראַדיציע.

„עס איז קיין ספק נישט, — זאָגט נ. בוכוואַלד אין זיינע „שמועסן וועגן טעאַטער", — אַז אין זיין טעאַטראַלישקייט איז גאָלדפאַדען באַוועגט געוואָרן פון אַן אינעווייניקסטן קינסטלערישן ברען, וואָס ער האָט אפשר אַליין נישט פאַרשטאַנען, אָדער וואָס ער האָט נישט געוווּסט ווי אַזוי צו פאָרמולירן. זיין באַוווּסטזיניקער פאַרלאַנג צו באַפרידיקן זיינע קליענטן מיט וואָס ניט איז, האָט געפונען אַן איידעלערע אומבאַוווּסטזיניקע שטרע־בונג צו קריסטאַליזירן דורך שווישפּיל, מעלאָדיע און סצענישע עפעקטן די נאַאיווע פאַנטאַזיע, די תמימותדיקע פרייד, די סענטימענטאַלע פּשטות פון דעם פאָלקסמענטש, געבן אים אַ משונהדיקע, אויסגעטראַכטע וועלט, וואָס זאָל אים העלפן פליען איבער צייטן, איבער לענדער, איבער שפּראַכן; געבן אים אַ מעגלעכקייט אויסצולעבן אַי זיינע קינדערישע פאַנטאַזיעס, אַי זיינע סענטימענטאַלע בענקשאַפטן, אַי זיינע קריוודעס אַנטקעגן דער אַרומיקער וועלט — מאַכן זיין שטומען פּראָטעסט צו באַרעדעוודיקייט."

נישט אַלע אָבער האָבן געזען די דאָזיקע פּאָזיטיווע זייט פון גאָלדפאַ־דענס דראַמאַטיק. ער איז אין די ערשטע יאָרן פון אונדזער יאָרהונדערט במעט איינשטימיק געשטעמפּלט* געוואָרן אַלס שונדיסט. האָט דער גרויסער עסטעט און

פיינשמעקער י. ל. פּרץ געלאָזט הערן זיין קול פון פּאַרטיידיקונג: „גאָלדפאַדען איז נאַאיוו, פאָלקסטימלעך, פּרימיטיוו און דעריבער האַרציק, אָפּט מעלאָדיש, נאַציאָנאַל.״ דאָס וואָס גאָלדפאַדען איז אַלזאָ נישט געווען פאַר דער ליטעראַטור, איז ער געווען פאַרן טעאַטער און, דער עיקר, פאַר אַ גאַנצער ריי דראַמאַטיקער, וועלכע האָבן אין זיינע „נישט ליטעראַרישע״ פּיעסעס געפונען אַ שלל פון ליטעראַריש־קינסטלערישן שטאָף פאַר זייערע באַאַרבעטונגען.



זיגמונט טורקאָוו אַלס „באָבע יאַכנע״

זעלטן ווער, אפילו פון די אוניווערסאַלע דראַמאַטיקער, האָט זוכה געווען צו אַזויפיל באַאַרבעטונגען, אַדאַפּטירונגען, אינסצעניזירונגען און סאָציאַל־פּאָליטישע, נאַציאָנאַל־געזעלשאַפטלעכע אינטערפּרעטאַציעס.

נאָך גראַנאָווסקיס אויפפירונג פון דער „באָבע יאַכנע״, האָט דער פּוילישער קינסטלער יאַראַשטש דערזען אין גאָלדפאַדענעם שעקספּירישע מעגלעכקייטן פאַר קינסטלערישן אויסדרוק. אמת, ער האָט זיך נאָר אָריענטירט פון דעם, וואָס ער האָט געזען אויף דער בינע, דער אָריגינעלער טעקסט איז אים פאַרבליבן אומבאַקאַנט. איז דאָך אָבער אַ מדרגה פון דעם דאָזיקן טעקסט צו שעפּן אָנרעגונג און מאַטעריאַל פאַר אַ פאָרשטעלונג פון שעקספּירישער גרויסקייט.

זאָל זיין, אַז גאָלדפאַדען פאַרמאָגט נישט שעקספּירס האַרמאָנישע אייניקייט אין דער דרייפאַכיקער פונקציע פון וואָרט, אָט דעם גאָט־געבענטשן סינטעז פון געדאַנק, שילדערונג און פּאָעטישן קלאַנג; זאָל זיין אַז זיין וואָרט באַזיצט נישט

שעקספּירס אומבאַגרענעצטע מעגלעכקייט צו אַנטפּלעקן אַלע מענטשלעכע געפילן, עמאָציעס, שטימונגען און רעפלעקסן. זאָל זיין, אַז ער באַזיצט נישט די קונסט פון זאַכלעכער שילדערונג, פון באַפרייען זיינע פּיכאָזאָפישע באַטראַכטונגען פון לאַנגע „מאָראַלישע" דיסקוסיעס; זאָל זיין, אַז ער גאָט נישט זיין העלד, זיין „אידעען־אַנטפּלעקער" אַזוי טיף־מענטשלעך, אַזוי קאָנסעקווענט זיך אַנטוויקלען און צום סוף אים אַנטפּלעקן אין זיין גאַנצער טיף און ברייט; זאָל זיין, אַז ער קאָן נישט מיטרייסן דעם צושויער דורך קאָנפליקטן, דורך צונויפשטויסן פון צוויי קעגנזייטיקע ווילנס און פאַראינטערעסירט אים נישט אַזוי בלויז אין זיין גורל, ווי עם טוט עם שעקספּיר.

באַזיצט ער אָבער דערפאַר אומבאַגרענעצטן מאַטעריאַל אויף אַרויסצו־ברענגען די דאָזיקע מאָמענטן. יעדער דראַמאַטיקער, וואָס ווערט אינספּירירט פון גאָלדפאַדענען, קאָן אין אים מאַניפעסטירן זיין קינסטלערישן און געזעלשאַפטלעכן קרעדאָ. יעדע געשעעניש אינעם נאַציאָנאַלן און פּאָליטישן לעבן פון אונדזער פאָלק, קאָן ביי אַ געהעריקן צוגאַנג געפינען אַן אָפּקלאַנג, אויסדרוק און אָריענטאַציע אין גאָלדפאַדענען.

וואָס שייך זיין טעאַטראַלישן שטאָף באַזיצט ער דאָך ממש אומאויסשעפּ־לעכע קוואַלן. סאַראַ אומבאַגרענעצטע מעגלעכקייטן פאַר פאַרשידנסטע סצענישע פאָרמירונגען און עקספּערימענטן, פאַר ליכט, פאַרבן, קלאַנג, ריטם, באַוועגונג, מיט איין וואָרט — פאַרשוועדערישע ספּעקטאַקולאַרע מעגלעכקייטן, וואָס שטעלן מיט זיך פאָר די נשמה און גוף פון אַ פאָרשטעלונג.

ווען ס'טעאַטער האָט נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה זיך אָפּגעטרייסלט פון נאַטוראַליזם, סימבאָליזם, שטימונג און האָט זיך געווענדט מיטן פּנים צו דער צעשפּילטער און צעטאַנצטער טעאַטראַלישקייט, האָבן אונדזערע טעאַטער־טוער זיך דערמאָנט אָן גאָלדפאַדענען, דורכגעפירט אַ רעוויזיע אין דער שטעלונג צו זיין שאַ־פונג און אים אויף אַ פייערלעכן אופן רעאַביליטירט, גאָלדפאַדען האָט אויפגעלעבט אַ באַנייטער, אַ געליטערטער מיט יוגנטלעכער פרישקייט און פאָלקסטימלעכן חן, אַזוי ווי י. ל. פּרץ האָט אים בשעתו געזען.

נישט פאַראַן קיין איין מאָדערן יידיש טעאַטער מיט קינסטלערישער אַמ־ביציע, וואָס זאָל נישט האָבן געשעפּט פון גאָלדפאַדענס קוואַלן: מאָסקווע, וואַרשע, תל־אָביב, ניו־יאָרק האָבן אַרויסגעבראַכט זייער אייגענעם נוסח־גאָלדפאַדען.

אַזעלכע דיכטער ווי מאַנגער, האַלקין, בראָדערזאָן, אַשנדאָרף און פיל אַנדערע האָבן אין גאָלדפאַדענען געפונען קינסטלערישע אינספּיראַציע פאַר זייערע באַאַרבעטונגען און אַדאַפּטירונגען.

יעדע וויכטיקע געשעעניש האָט געפונען איר אויסדרוקס־פאָרעם אין גאָלד־

פאַרענס פּיעסעס. אין מאָסקווער מלוכה־טעאַטער איז אויף גאָלדפאַדענען אויסגע־פאַלן דער כבוד צו באַצייכענען דעם אונטערגאַנג פונעם אַלטן טעאַטער און דער פייערלעכער אַריינמאַרש פונעם נייעם אין אונדזער קולטור.

גאָלדפאַדענס היסטאָרישע אָפּערעטעס האָבן געגעבן שטאָף פאַר מאָנומענ־טאַלע ספּעקטאַקלען, וואָס רופן צו נאַציאָנאַלער דערוואַכונג און העראָאישן ווידער־שטאַנדס־קאַמף. די אויפפירונגען פון „שולמית" און „בר־כוכבא" אין ראַטן־פאַר־באַנד האָבן געוועקט די יידישע מאַסן צום קאַמף קעגן נאַציזם און צו זיג איבער אים.

אויך מיר איז, חוץ אַ ריי פון זיינע לייכטערע קאָמעדיעס, אויסגעפאַלן דער כבוד אָרויפצובריינגען אויף די ברעטער פון „וויקט" גאָלדפאַדענס „שולמית" און „בר כוכבא".

צוליב דעם נייעם עטאַפּ, וואָס זיי האָבן אָנגעצייכנט אין דער אַנטוויקלונג פון „וויקט", ווי אויך צוליב דער גרויליקער צייט אין וועלכער ס'איז ביי מיר אַנט־שטאַנען דער געדאַנק זיי אויפצופירן, וועל איך מיר דערלויבן אויספירלעכער זיך אָפּצושטעלן אויף זיי.

ס'איז געווען בעת אונדזערע גאַסטשפּילן אין לעמבערג, די צווייטע העלפט פון 1938 יאָר. היטלערס ווילדע האָרדעס האָבן אָנגעהויבן זייערע „פּאַציפיסטישע" דעראָבערונגען און גרייטן זיך שוין צו באַוואָפנטע.

די לופט איז פול מיט מלחמה־שטימונג. לעמבערג איז איבערפולט מיט פּליטים פון טשעכאָסלאָוואַקיי און עסטרייך. „זבאָנשין", וואָס איז ביז נישט לאַנג געווען אַן אומבאַקאַנטער נאָמען, גייט נישט אַראָפּ פון די ליפּן. „זבאָנשין" איז געוואָרן דער סימבאָל פון גירוש, היימלאָזיקייט און עלנט; גלייכצייטיק אַ מעמענטאָ, אַ גרויזאַמע וואָרענונג, אַ נישט צווייטייטיקער אָנזאָג . . .

די פּוילישע און אוקראַינישע רעאַקציע האָט דערשמעקט, אַז זייער צייט דערנענטערט זיך און איז אַרויס אין גאַס. די יידישע באַפעלקערונג האָט עס דער־פילט אויף זייערע פּלייצעס.

ס'האָט זיך אויך אָנגעהויבן אַ קאָנקורענץ אויסשפּיל איבער דער צוקונפט פון לעמבערג צווישן די פּוילישע און אוקראַינישע פאַשיסטן — מיר, יידן, פלעגן דערביי פון די פּאָליאַקן באַטראַכט ווערן פאַר אוקראַינאָפילן און פון די אוקראַינער פאַר פּוילישע פּאַטריאָטן. אין איין פּרט האָבן זיי זיך סאָלידאַריזירט: אַז מען דאַרף אונדז שלאָגן, ווייל סוף כל סוף זענען מיר דאָך יידן . . .

אַן אינטערעסאַנטן עפּיזאָד איז מיר אויסגעקומען בייצווווינען אַ געוויסן טאָג: אָט לויפן יידן איבער דער גאַס, מען באַהאַלט זיך אין די טויערן, איינער גיט איבער דעם צווייטן: „אַנטלויפט, פּאָליאַקן שלאָגן"... און אָט באַווייזט זיך

מאַקעטן צו דער „שולמית"־אויפפירונג אין „ווינקל".



ערשטער אַקט, בילד 1



ערשטער אַקט, בילד 2

אַ גרופּע פּוילישע אַקאַדעמיקער און שרייען נאָך די אַנטיפּאָדיקע: לויפט נישט, זשידקעס, היינט האָט איר אורלויב, היינט שלאָגן מיר די אוקראַינער״ . . .

אין אַזאַ צייט זענען מיר געקומען קיין לעמבערג שפּילן יידיש טעאַטער און... זאָל דאָ דערמאָנט ווערן דער ליכטיקער אָנדענק פון די לעמבערגער קדושים, זיי פלעגן איבערפילן דעם גרויסן „קאָלאָסעאום״־בנין, ווי זוכנדיק אַ טרייסט־וואָרט, אַ דערמוטיקונג און אַ פאַרלייכטערונג פאַר זייער שווערן געמיט־צושטאַנד.

דעם טעאַטער איז אַלזאָ פאָרגעשטאַנען אַן אַחריותפולע און קאָמפּליצירטע אויפגאַבע: אַנטקעגנצוקומען דעם דאָזיקן געמיט־צושטאַנד און פאַרגרינגערן אים.

ווער נאָך אַזוי ווי גאָלדפאַדען האָט אונדז געקאָנט געבן דעם נויטיקן שטאָף דערצו?

האָט דאָך גאָלדפאַדען געקאָנט אַרויסרופן אַ שמייכל פאַרן שלאָפן גיין מיט זיינע „ראָזשינקעס און מאַנדלען״... האָט דאָך גאָלדפאַדען געקאָנט וועקן גלויבן אין אַ בעסערער צוקונפט מיט זיין „עס וועט קומען אַ צייט״... האָט דאָך גאָלדפאַדען געוואָרנט פאַר פּאַסיווען ווידערשטאַנד און גערופן צום קאַמף מיט זיין „שטייט אויף, ברידער״ . . .

איז טאַקע גאָלדפאַדען געווען דער פּאַסיקסטער מחבר אַראָפּצופירן פון דער בינע אין אַזאַ גורלדיקער צייט און מיר האָבן באַקומען די פולסטע צושטימונג פאַר דעם אויסוואַל פונעם לעמבערגער טעאַטער־קאָמיטעט מיט לייב לאַנדע בראש.

די ערשטע גאָלדפאַדען אויפפירונג איז געווען „שולמית״. דעם טעקסט האָב איך נאָך אָנגעהויבן צו באַאַרבעטן מיט אַ סך חדשים פריער. (אין י. מעסטעלס „טעאַטער״ איז טעותדיק אָנגעגעבן, אַז דעם טעקסט האָט באַאַרבעט י. אַשנדאָרף. אַשנדאָרף האָט פאַרן „וויקט״ באַאַרבעט „בר כוכבא״, נישט „שולמית״) מוזיק האָט באַאַרבעט און דערגענצט מיט אייגענע קאָמפּאָזיציעס שלמה פּריזאַמענט. דעקאָראַציעס און קאָסטיומען האָט פּראָיעקטירט פריץ קליינמאַן. טענץ קאָמפּאָנירט און איינשטודירט פון בעלאַ קאַץ מיט איר טאַנץ־שולע. פאַר די הויפּט ראָלן זענען צוגעצויגן געוואָרן ערשטקלאַסיקע אָפּערן־זינגערס: פאַר „שולמית״ — לובאַ לעוויצקאַ (געשפּילט אין ווילנער געטאָ), פאַר „אבשלום״ — אַלבערט פעלער (געשפּילט אין לעמבערגער געטאָ), פאַר יואב גדעוני דער באַריטאָן דידיאָ עפּשטיין (צום גליק געראַטעוועט).

דאָס איז אַגב נישט צום ערשטן מאָל, ווען ס׳ווערן צוגעצויגן קוואַליפיצירטע אָפּערן־זינגערס צו אַ „שולמית״־אויפפירונג. בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט דער דירעקטאָר פון וואַרשעווער „עליזעאום״־טעאַטער — עפּעלבערג — אַנגאַזשירט די זינגער יוזעפינאַ וואַרשאַווסקאַ און יעקב קעלטער, מיט וועלכע ס׳איז אונטער דער רעזשי פון שמואל לאַנדע געשטעלט געוואָרן „שולמית״. קיין שינויים



אַלבערט פעלער, זיגמונט טורקאָוו, לובאַ לעוויצקאַ

אין טעקסט זענען אָבער נישט געמאַכט געוואָרן און די פּיעסע איז געשפּילט געוואָרן אויפן אַלטן שטייגער.

מיר איז געלונגען אָפּצוראַטעווען מיין באַארבעטן עקזעמפּלאַר פון „שולמית", אין וועלכן ס'האָט זיך אויך אָפּגעהיט דער טעקסט פון דער קאָנפערענץ וואָס איך האָב געהאַלטן פאַר דער פּרעמיערע.

היות ווי דאָס שפּיגלט אָפּ אויף אַ פאַרשטעלטן אופן די דאַמאָלדיקע שטימונגען און פּאָליטישע סיטואַציע און צוגלייך געוויסע פּרטים פון מיין דראַמאַטישער באַאַרבעטונג פון „שולמית", וועט נישט זיין אומאינטערעסאַנט זיך צו באַקענען מיט דעם דאָזיקן טעקסט.

„צו מיין אויפפירונג פון „שולמית".

דריי מאָמענטן האָבן מיך באַוויגן אַריינצונעמען אין רעפּערטואַר פון „וויקט" גאָלדפאַדענס „שולאַמית" :

אַן ענג יידישער, אַן אַלגעמיינער און קינסטלערישער.

דאָס טעאַטער, מער נאָך ווי אַלע אַנדערע אָפּצווייגן פון קולטור, טאָר נישט זיין קיין טערראַ אינקאָגניטאַ און אַוועקשטעלן זיך איז אַ זייט, ווייט פונעם ווירקלעבן לעבן, ווייט פונעם רוף פון דער צייט, גלייכצייטיק צו איר פּולס און בלוטדרוק.

פאַרקערט, דאָס טעאַטער דאַרף זיין אַט דער פילבאַרער אינסטרומענט,

דער לעבעדיקער סיסמאָגראַף אויף אויפצוכאַפּן אַלע אינערלעכע אויפטרייסלונגען פונעם פאָלק, ביי וועמען עס שטייט אין דינסט און וואָרענען, מונטערן, דערלייכטערן, וועקן און באַרואיקן — אָפּהענגיק פון דער געגעבענער סיטואַציע.

ווער נאָך אַזוי ווי מיר, יידן, נויטיקן זיך אין אַט די אַלע פונקציעס וואָס דאָס טעאַטער איז מחויב אויסצופירן; ווער נאָך נויטיקט זיך, אַזוי ווי מיר יידן, אין אַ רעפּרעזענטאַנץ און אויפקלערונגס־אינסטיטוציע, וואָס זאָל אַנטפּלעקן אונדזער נשמה, דעמאָנסטרירן אונדזער קולטור, דערמאָנען אונדזער יחוס־בריוו, באַקענען מיט אונדזער מענטאַליטעט די אַרומיקע וועלט, וועלכע ווערט אויף אַ טענדענציעזן און בייזוויליקן אופן „אויפגעקלערט" דורך די פּאַרשידענע ראַסן־פּאָרשער און פּסיידאָ־געלערנטע.

פּאַר אַזאַ קעגן־אַקציע דאַרף מאָביליזירט ווערן אונדזער ליטעראַטור, פּרעסע, פילם, מאָלעריי און פאַרשטייט זיך, טעאַטער.

עס איז נישט געוווּנטשן ביים היינטיקן מאָמענט צו ווייזן דער אויסערלעכער וועלט די נעגאַטיווע זייטן פון אונדזער לעבן, — לאָמיר אונדזערע פעלערן אַליין אָנערקענען און באַמיען זיי אויסצובעסערן, ווייל אַנדערע וועלן אויף אַ נישט ערלעכן אופן וועלן פון דעם שלאָגן קאַפּיטאַל פאַר זייער פאַרברעכערישער אַקציע.

ריכטיק האָט געהאַנדלט שלום אַש, ווען ער האָט אויס די זעלבע טעמים פאַרווערט צו פאַרפילמען לעצטנס זיין „מאָטקע גנב".



„נתן הכהן" (ח. אייזענבערג) מיט זיינע באַגלייטער אין דער „וויקט"־אויפפירונג



„יואב גדעוני" (דידיא עפשטיין) מיט זיינע באַגלייטער אין דער „וויקט"־אויפפירונג

נישט קיין צייט איז איצט פאַר די יעקל שאַפּשאָווי־טשעס, יאָשע קאַלבס און ד. גל. דאָס ווערט אויסגע־טייטשט, אַז אונזערע קינסט־לער שעפּן יניקה פון אונ־טערוועלט און דעגענערירטע כלי־קודש, והראיה, דאָס איז דאָך זייער וויזיט־קאַרטע בעת זיי קומען באַקענען די אויסערלעכע וועלט מיט זייער שאַפן און אייגנאַרט.

פאַרקערט, מיר דאַרפן איצט קומען מיט מוסטערן פון דער פּאָזיטיווער זייט פון יידישן לעבן, שאַפן און גע־שיכטע.

מיר דאַרפן מיט ביי־שפּילן פון אונדזער ווייטער פאַרגאַנגענהייט באַווייזן, אַז מיר זענען אַ פאָלק, וואָס האָט נאָך ווייט פאַר קרים־טום ־ געבורט געפּרעדיקט מענטשן־ליבע, ליבע צו אַר־בעט, צו ערד, פון וועלכער מיר זענען מיט דער צייט ארויסגעשטויסן און דערוויטערט געוואָרן און אויף וועלכער מיר האָבן רעכט נישט ווייניקער פון די, וואָס באַשולדיקן אונדז אין זיין אַ פאָלק פון שטאָט־פּאַראַזיטן און וווּכערער.

אָט די אַלע מאָמענטן האָב איך ארויסבאַקומען אין „שולמית", וועלכע מיר טרעטן איצט צו רעפּעטירן.

פאַר דער אויסערלעכער וועלט: יידישע פאַרגאַנגענהייט, יידיש לעבן נישט פון די נאַלעוועקעס אָדער אונטערוועלט, — נאָר אונדזערע אור־עלטערן אַלס פּאַס־טוכער, נאַטור־מענטשן; וואָס ווייסן ווי צו גענים און באַווונדערן די שיינקייט פון

דער נאטור; וועלכע קאָנען אויף אַזאַ שיינעם אופן ליב האָבן זייער ערד, זייערע טשערעדעס און וואָס קאָנען ליבן אַזוי ערלעך, ריין, אַזוי אומאייגננוציק, ווי עס קאָנען דאָס טון שולמית און אביגיל; וואָס קאָנען אנערקענען זייערע פעלערן אין תשובה טון אויף באַגאַנגענע זינד, ווי עס טוט דאָס אבישלום.

אין וועלכן טעאַטער־שטיק קאָנען נאָך אַזוי געוויזן ווערן צוויי פרויען־געשטאַלטן, וואָס זאָלן זיין אַזוי פאַרשידן, און גלייכצייטיק אַזוי הערלאַיש־שיין אין זייערע ליידן און אַזוי גרויס אין זייער ליבע, ווי עס זענען שולמית און אביגיל.

דאָס פאַסטוכער־מיידל שולמית זאָגט זיך אָפּ פון אוצרות, באַקוועמלעכ־קייטן, תענוגים, וואָס זי וואָלט געקאָנט האָבן ביי איינעם פון די רייכע בעלנים אויף איר האַנט, מאַכט זיך אַפילו משוגע, כדי פּטור צו ווערן פון זייער צודרינגלעכקייט און פון איר פאָטערס וועלן זיך רייבן אין יחוס און פאַרלירט נישט איר גלויבן אינעם פּשוטן פאַסטעכל, וואָס האָט איר געראַטעוועט דאָס לעבן און וועמען זי האָט אויס דאַנקבאַרקייט אָפּגעגעבן איר האַרץ.

און די צווייטע פרויען־געשטאַלט — אביגיל, ווי אויסגעטאָקט פון מאַר־מאָר, ווי אַראָפּגענומען פון אַ פּיעדעסטאַל פון אַ מעדעאַ־דענקמאָל.

אביגיל קאָן נישט ווייניקער פון איר גריכישן פּראָטאָטיפּ ליב האָבן, זי איז אפשר אָבער נישט אַזוי גרויזאַם ווי יענע.

די גריכישע מעדעאַ דערהרגעט אירע צוויי קינדער צוליבן פאַרראַט פון איר געליבטן מאַן, דאַקעגן די יידישע אביגיל איז מוחל איר געליבטן, כאָטש זיין פאַרראַט פאַראורזאַכט דעם טויט פון אירע צוויי קינדער.

זי באַקעמפט אין זיך אָט דעם אַלט־גריכישן נקמה־געפיל און איז אויף אַזאַ טיף מענטשלעכן אופן מוחל און באַזייטיקט זיך אַזוי העלדיש פון אבישלומס לעבן, ווייל די ליבע צו אים איז מנצח אין איר דעם נקמה געפיל.

מיר ווייזן אַ יידיש־שטיק, וואָס האָט אין זיך פּרעכטיקע מוסטערן פון דערהויבענער מענטשלעכער עטיק; אַ טעאַטער־שטיק וואָס פאַרמאָגט אין זיך דעם שטאַרקסטן עלעמענט פון אַלט־גריכישער און שעקספּירישער טראַגעדיע: פאַטום, דעם אצבע אלהים, וואָס שטראָפט אומברחמנותדיק פאַר באַגאַנגענע זינד, אָבער פאַרמאָגט גלייכצייטיק דעם עלעמענט פון יידישער עטיק: מחילה פאַרן בעל־תשובה, — צו וואָס עס דערגרייכט נישט די אַלט־גריכישע און שעקספּירישע מענטאַליטעט.

דאָס אַלץ אויפן פּאָן פון יידישער פאָלקסטימלעכקייט, צעזונגענקייט און טיפער מענטשלעכקייט דאַרף זיכער צווינגען צו פאַרטראַכטן זיך נישט איינעם פון די טעאַטעטיקער וואָס ווילן איינרעדן דער וועלט אונדזער מינדערווערטיקייט.



אביגיל באַוויינט אירע קינדער

(ערשט בילד פון צווייטן אַקט אין דער „וויקטי"־אויפפירונג)

גליכצייטיק, ווי געזאָגט, פאַרמאָגט „שולמית" נאָך צוויי מאָמענטן: אַ סוביעקטיוו יידישן און אַ קינסטלערישן.

אינעם געדרוקטן עקזעמפּלאַר פון „שולמית" איז ביים לידל „ראָזשינקעס מיט מאַנדלען" פאַראַן אַ באַמערקונג פון גאָלדפאַדענען, אַז כאָטש דאָס לידל פּאַסט זיך נישט צו דער געגעבענער סיטואַציע (איך האָב אַגב אין מיין באַאַרבעטונג געענדערט די סיטואַציע), גיט ער עס דאָך, ווייל דאָס לידל איז פּאָפּולער און באַליבט ביים עולם . . .

דאָס איז אַן איבעריקער באַווייז, ווי דער הונדערטפּראָצענטיקער טעאַ־טער־מענטש גאָלדפאַדען האָט זיך גערעכנט מיטן עולם און באַמיט זיך אַנטקעגן צו קומען זיין געשמאַק און מענטאַליטעט.

זאָל דאָס דינען פאַר אַ ביישפּיל אַלע אונדזערע טעאַטער־טוער: אונדזער־שאַפן איז צוועקלאָז, אויב עס דערגייט נישט צום עולם, אויב עס געפינט נישט קיין אָפּקלאַנג ביי אים.

נישט געוווען די געשעעניש אינעם יידישן לעבן, וואָס זאָל נישט געפינען

דעם אָדער יענעם אָפּקלאַנג אין גאָלדפאַדענס טעאַטער־שטיק, צי אין דער פאָרם פון אַ קופּלעט, פון אַ לידל, אַ וויץ אָדער דיאַלאָג.

דאָס זעלבע איז אויך כאַראַקטעריסטיש פאַר די טעאַטער־ווערק פון שעקספּיר און מאָליער, זיי האָבן אָבער נישט געהאַט איבער זיך אַזאַ בייטש ווי גאָלדפאַדען: די רוסישע צענזור.

און אַט די בייטש אפילו האָט נישט געקאָנט איבעררייסן דעם קאָנטאַקט צווישן גאָלדפאַדענען און די מאַסן און אויב ער האָט אים נישט געקאָנט אָנהאַלטן לעגאַל, האָט ער עס געטון דורך מליצה, רמזים און ענלעכע אָנדייטונגען.

איבעריקנס, ער האָט זיין עולם נישט באַדאַרפט לייגן אַ פינגער אין מויל, זיי האָבן זיך פאַרשטאַנען אויפן ווונק, גאָלדפאַדענס אַ לידל נאָכן אָדעסער פּאָגראָם האָט שטאַרקער געווירקט אויף די מאַסן ווי די דרשות פון פאַרשידענע מגידים און מוסר־זאָגער.

דאָס ליד האָט באַזונגען אַ צווייגעלע וואָס איז אָפּגעבראָכן פון אַ בוים, אַ שטורעמדיקן ים, אַ פאַרבלאָנדזשעט שעפעלע . . .

אַ צווייט ליד האָט געטרייסט, געוועקט נאַציאָנאַלע ווערדע, דערמוטיקט, געווירקט ווי אַ באַרואיקנדיקער באַלזאַם פאַר די פרישע וווּנדן.

דער עולם פלעגט אין טעאַטער אויסוויינען זיין ביטער האַרץ און אַהיים־קומען מיט אַ געפיל פון דערלייכטערונג, מיט אַ פרישן זאַפּאַס ווידערשטאַנדסקראַפט און ביטחון אינעם „זיג פון דער גערעכטיקייט”.

אונדזערע מאַסן נויטיקן זיך נישט ווייניקער ווי דער גאָלדפאַדענישער עולם אין אַזעלכע באַרואיקנדיקע איניעקציעס און טאַקע גאָלדפאַדען איז זיי דאָס מסוגל צו געבן.

איך האָב פאַר דער ערשטער פון מיין ציקל גאָלדפאַדען־ אויפפירונגען אויסגעקליבן „שולמית” און מיין באַאַרבעטונג אָנגערופן „היסטאָרישע אידיליע”.

אַן אַנדער מיליע: אויף צוויי שעה אַרויסרייסן די מאַסן פון דער גראָער ווירקלעכקייט און אַרויספירן זיי אויפן שוים פון אָריענטאַלישער נאַטור. בערג, טאָלן, פּאַלמען, קאַקטוסן — אומצאָליקע ניואַנסן פון גרין און געל, לופט, רחבות, זון.

מענטשן — נישט אונדזערע הו־הא ־ יידעלעך מיטן חותם פון דאגות־פרנסה אויפן שטערן; נישט די איינגעהויקערטע רוקנס פון בטלנים און ישיבה־בחורים מיט פאַרמעטענע פנימער פון שלאָפלאָזע נעכט און נישט געלופטערטע בתי־מדרשים; נישט אפילו דעם עמך מענטש, דער יידישער פּראָלעטאַריער, וועלכער פירט אַ פאַרצווייפלטן קאַמף צו דערהאַלטן די נעבעכדיקע פּאָזיציעס און מעג אויף דער בינע אַרויסגעבראַכט ווערן ביים איצטיקן מאָמענט נאָר ווי אַ פּאַסיווע פיגור אויפן שאַך־ברעט פון די געשעענישן . . .



צוויי סצענעס פון „בר־כוכבא" אין דער „וויקט"־אויפפירונג



מיר ווייזן פּויערים, פּאַסטוכער, פרייע פאָלקס־מענטשן אָן די אַלע דאגות, אָן די אַלע זאָרגן און קאַמפן; מענטשן וואָס קאָנען ליבן מיט דער ברייטקייט פון זייער נאַטור און וואָס קאָנען אָננעמען פּאַר ליב די אָפּטמאָל גרויזאַמע קאַפּריזן פון גורל, אַזוי ווי עס קאָן דאָס נאָר טון אַ פּרימיטיווער נאַטור־מענטש.

דער נאַטור־מענטש האַסט די גרויסע שטאָט מיט איר פאַרדאָרבענער לופט, מיט אירע ענגע גאַסן מיט דער זעלבער קראַפט, ווי ער איז פאַרליבט אין זיינע סטאַדעס, אין די גרינע פּאַשעס, אין דעם לויטערן הימל איבער טאָלן און בערג . . .

די נאָענטקייט צו דער נאַטור מאַכט אים רעדן מיט אַן אַנדער שפּראַך, ווי עס טוט דאָס דער שטאָט־מענטש. ער איז פּאַטעטיש, צעזונגען, ער זינגט אויס זיין פרייד, אויך זיינע לייד, דריקט ער אויס דורך געזאַנג.

דער נאַטור־מענטש האָט ליב יום־טובים, ווייל די גאַנצע אַטמאָספערע, אין וועלכער ער לעבט, איז אַ יום־טובדיקע, אַ זוניקע, אַ צעזונגענע.

אין אָט דער אידילישער אַטמאָספערע פיר איך אַריין דעם וואָכעדיקן, דעם פאַרהאָרעוועטן, פאַרדאַגהטן מאַסן־מענטש און צווינג אים צו פאַרגעסן אָן זיין טאָג־טעגלעכקייט און רוף ביי אים אַרויס אַ צופרידענעם שמייכל, אַ זיפץ פון דערלייכטערונג און ער גייט אַרויס אַ צעזונגענער, צוברומענדיק אין גאַס, אין דער היים, ביי דער אַרבעט גאָלדפאַדענס פּרימיטיווע, מעלאָדישע, פאָלקסטימלעכע נגונים.

ביי אומשטענדן, וועלכע פאַרוואַרן צו וועקן פּראָטעסט און אויפברויז, זאָל קומען אַ ניגון אָנשטאָט דעפּרעסיע און פאַרצווייפלונג.

און — דער דריטער מאָמענט, דער קינסטלערישער.

היסטאָרישע פּיעסעס זענען אַ זעלטענער גאַסט אויף דער מאָדערנער יידישער בינע און די געציילטע, וואָס זענען אויפגעפירט געוואָרן פאַר די לעצטע 20 יאָר, האָבן, נישט געקוקט אויף רייכער אויסשטאַטונג, גוטע באַזעצונג און רעזשי־המצאות, נישט געהאַט קיין דערפאָלג.

גראָד דער היפּך. צו גאָלדפאַדענס היסטאָרישע פּיעסעס, וואָס פלעגן, ווי באַוווּסט, נעמען דעם עולם מיט שטורעם.

אין וואָס איז אַלזאָ באַשטאַנען דער סוד פון גאָלדפאַדענס דערפאָלג?

קודם כל אין זיין טעאַטראַלישקייט. גאָלדפאַדען האָט געהאַט אַן אויסערגעוויינלעכן חוש פאַר טעמפּאָ און האָט עס אים פאַרפעלט אין איין סצענע, פלעגט ער פילם־מעסיק זיך איבערוואַרפן אויף אַ צווייטער, דריטער; פון איין אָרט צום צווייטן, פון איין לאַנד צום אַנדערן. ער האָט אַ דאַנק דעם געגעבן זיינע צוקוקער אַ שפּל פון איינדריקן, פאַרבן און אַ קאַליידאָסקאָפּ פון סיטואַציעס, אינדערזעלבערצייט האָט אויך גאָלדפאַדען נישט פאַרגעסן אָן דעם הויפּט־פאַקטאָר אין טעאַטער — אינעם אַקטיאָר און יעדע פּיעסע זיינע גיט אַ ברייט בעלד פאַר איינציקע אַקטיא־

דישע אינדיווידואַליטעטן אַרויסצוּווייזן די אַלזייטיקייט פון זייער טאַלענט. דער גאָלד־פאַדענישער אַקטיאָר האָט באמת געמוזט זיין אַלזייטיק באַגאַבט: ער האָט באַדאַרפט פאַרקערפּערן שוישפּילער, זינגער, טענצער אין איין פּערזאָן.

נישט יעדער אַקטיאָר איז געווען ראוי צו שפּילן ערשטע פידל אינעם גאָלדפאַדען אָרקעסטער, — זענען טאַקע די גרעסטע יידישע אַקטיאָרן אַרויס פונעם גאָלדפאַדען־חדר, אַ טייל אַריבער אין גאָרדינס מיטל־שול און נאָר יחידים האָבן דערלעבט די תקופה פונעם מאָדערנעם טעאַטער. אפשר דערפאַר איז אונדזער טעאַטער אַזוי אָרים אין גרויסע אַקטיאָרישע אינדיווידואַליטעטן ?

אָט די מעגלעכקייט פאַר אַלזייטיקער אַקטיאָרישער שפּיל, פאַר אָריגינעלער דעקאָראַטיווער לייזונג, רייכע ליכט־קאָמבינאַציעס, פאַרביקע גרופּן־בילדער, מעלאָדישע, פאָלקסטימלעכע מוזיק, עקספּרעסיווע טענץ גיט אומגעהויער דאַנקבאַרן מאַטעריאַל אויף צו שאַפן אַ גראַנדיעזן יידישן ספּעקטאַקל, וואָס זאָל פאַרכאַפּן, באַלערנען באַרואיקן און דערפרישן דעם צושויער און מאַכן יום־טובדיק די אַרבעט פון אַקטיאָר״

* * *

ווען היטלער איז באַפאַלן פּוילן, האָבן מיר „שולמית״ געשפּילט אין וואַרשע. ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן רייען פאַר די בענק, פאַר שפּייז־געשעפטן און אַ ריי אויף צו הערן „שולמית״.

אַ באָמבע וואָס איז אַריין אין בנין פון אונדזער טעאַטער האָט געמאַכט אַ סוף צו די „ראָזשינקעס און מאַנדלען״ . . .

אין אייניקע חדשים אַרום בין איך געכאַפּט געוואָרן פון די דייטשן צו שווערער אַרבעט. שלעפּנדיק מיט אַ צווייטן ייד אַ קאַסטן מיט שטיינער, דערהער איך פון מיין שכן: „איר ווייסט, אַז איך דערמאָן מיך אָן „שולמית״, פאַרגעס איך אין די צרות״ . . .

אַ שטעקן פון אויפזעער האָט איבערגעריסן זיינע ווערטער. מיר זענען ווייטער געלאָפן איבערן שניי מיט דער שווערער משא און ס׳האָט געקלונגען אין די אויערן אבישלומס שלאָף־ליד :

„שפּאַן ווייטער דיין וועג מיט האָפענונג אין האַרצן,
דעם רוקן גלייך אויס, דעם קאָפּ אין דער הויך.
דיין גייסט וועט באַזיגן דעם שונא דעם שוואַרצן
און וועסט ווערן אַ פאָלק מיט פעלקער צוגלייך.״ . . . *

*) ציטירט לויט מיין באַאַרבעטונג פון „שולמית״ (ז. ט.)

אין קנאַפּע צען יאָר אַרום איז די נבואה מקוים געוואָרן. ישראל איז גע־וואָרן אַ פאָלק מיט פעלקער צוגלייך. איבער מלכות ישראל פלאַטערט די יידישע פאָן.

אין די לענדער פון קלאַסישן אַנטיסעמיטיזם האָט די דעמאָקראַטיע אויף אַ קאַטעגאָרישן אופן אויסגעראָטן דעם „שונא דעם שוואַרצן" און צוריקגעשטעלט אונדזערע מענטשלעכע רעכט.

מען דאַרף שוין מער נישט רעדן מיט רמזים און פאַרשטעלטע רייד.

גאָלדפאַדען וועט ווידער באַקומען זיין תיקון.

דאָסמאָל — אַ באַפרייטער, אַ באַנייטער, אַ צעשמייכלטער, אַ דערקוויקנ־דיקער מיט זיינע „ראָזשינקעס און מאַנדלען".

# ביבליאָגראַפיע

תנ"ך — יידיש יהואש.
יאָסיפוס פלאַוויוס — יידישע מלחמות. ווילנע, 1914.
ד"ר יצחק שיפּער — געשיכטע פון יידישער טעאַטער קונסט און דראַמע. פאַרלאַג „קולטור־ליגע", וואַרשע, 1927.
ד"ר י. צינבערג — געשיכטע פון ליטעראַטור ביי יידן. ניו־יאָרק, 1943.
אַלגעמיינע ענציקלאָפּעדיע — יידן.
פּראָפ' ש. דובנאָוו — די נייסטע געשיכטע פון יידישן פאָלק. פאַרלאַג „קולטור־ליגע". ווילנע 1928.
י. קאגאַן — געשיכטע פון גריכישע און מערב אייראָפּ. ליטעראַטורן. פאַרלאַג „טאַמאַר". ווילנע, 1927.
מ. ווינער — ייד. ליטעראַטור אין 19 יאָרהונדערט. איקוף פאַרלאַג, ניו־יאָרק, 1945
מענדעלע מוכר ספרים — „פּרידיון".
ב. גארין — געשיכטע פון יידישן טעאַטער. ניו־יאָרק, 1923.
נ. אויסלענדער — יידישער טעאַטער, 1887־1917 „דער עמעס", מאָסקווע, 1940.
נ. בוכוואַלד — טעאַטער. פאַרלאַג־קאָמיטעט טעאַטער. ניו־יאָרק, 1943.
י. מעסטעל — אונדזער טעאַטער. איקוף. ניו־יאָרק, 1943.
ד. בן־ארי — הבימה. פאַרלאַג: ל. מ. שטיין. שיקאַגאָ, 1941.
במה — הוצאת חוג הבימה (1947), תל אביב.
יאָלדפאַדען־בוך — (יידישער טעאַטער־מוזיי, ניו־יאָרק, 1926).
ד"ר י. שאַצקי — 100 יאָר גאָלדפאַדען. ביבליאָטעק פון איוואָ, ניו־יאָרק, 1940.
אברהם טייטעלבוים — וויליאַם שעקספּיר. איקוף פאַרלאַג. ניו־יאָרק, 1946.
**Dam Casmurro** — Shakespeare, Rio de Janeiro, 1946.
**Herman Leicht** — Kunstgeschichte der Welt. Orell Füssli Verlag, Zürich, 1945.
**J. Bühler** — Vida y Cultura en la Edad Media. México, 1946.
**Stanley Gasson** — A descoberta do homem. E.P.A.S.A. Rio, 1942.
**Eduardo Scarlatti** — a Religião do Teatro. Ática. Lisboa, 1928.
**George Freedley and John A. Reeves** — A History of the Theatre Crown Publishers. N. York, 1941.
**Antonio Z. Mattosso** — História da Civilização. Lisboa, 1944.
**Sheldon Cheney** — The Theatre Three Thousand Years. Tud... Publishing, 1941. New York.
**Guio Saviotti** — Historia do Teatro Italiano. Lisboa, 1944.
**Joracy Camargo** — O Teatro Soviético. Ed. Leitura, Rio.
**H. Th. Bossert** — Grecia y Roma. Editor G. Gili. Barcelona, 1936
**Galina Tolmacheva** — Creadores del Teatro Moderno. "Centurión", Buenos Aires, 1946.

(צוליב טעכנישע סיבות ווערט געבראַכט בלויז אַ טייל פון דער ביבליאָגראַפישער רשימה פון ווערק, וואָס זענען אויסגענוצט געוואָרן דורכן ...בר ביים באַרבעטן דאָס בוך).

דאָס בוך האָט זיך געענדיקט דרוקן
דעם 15־טן יוני, יאָר פונעם באַפרייער
גענעראַל סאַן מאַרטין, 1950 — אין דער
דרוקעריי „היימאַן" — פאַסטעור 333
טעלעפאָן 47־7752 — בוענאָס איירעס

Este libro terminóse de imprimir
el día 15 de Junio, Año del Liber-
tador General San Martín, 1950,
en los Talleres Gráficos HEUMAN,
Pasteur 333 - T. E. 47-7752 - Bs. As.